אַלוועלטליכער

אידישער סאָציאַליסטישער אַרבייטער־פֿאַרבאַנד

פועלי־ציון.

# באַריכט

## צו דער V. וועלטקאָנפֿערענץ אין ווין



20. ביז 25. יולי 1920.





פֿאַרלאַג: ביוראָ פֿון אַלוועלטליכען איד. סאָצ. אַרב.־פֿאַרבאַנד פועלי־ציון, בערלין.

דרוק: „אוניאָן" ברידער אַפּפעל, ווין, IX., ליעכטענשטיינשטראַסע 21.

# חשוב'ע חברים דעלעגאַטען!

זייט דער פֿערטער וועלטקאָנפערענץ פון אונזער פֿאַרבאַנד, וואָס איז אבגעהאַלטען געוואָרען אין אויגוסט 1913 אין קראקא, זענען אַוועק 7 יאָהר, כמעט פיר מאָל אַזוי פיל, ווי ס'דאַרף דויערן דער אָרדענטליכער אַרבייטס־פעריאָד פונ'ם פאַרבאַנדס־ביוראָ. און וואָסערע 7 יאָהר! יאָהרען פון די געוואַלטיגסטע דערשיטערונגען אין דער מענשליכער געשיכטע, פון די גורל־שווערסטע טראַגישע געשעהענישען אינ'ם אידישען לעבען. אונזער דין וחשבון וואָלט געמוזט ווערען אַ דיקער ספר, אויב מיר וואָלטען געפרובט אפילו נאָר אָנצייכענען אַלע ווירקונגען פון די גרויסע היסטאָרישע געשעהענישען, וועלכע מיר האָבען איבערגעלעבט און לעבען נאָך איבער אינ'ם אידישען אַרבייטערלעבען, אין דער גאַנצער וועלט און אין אונזער באַוועגונג. די וועלט־מלחמה, די רוסישע און די מיטעל־אייראָפּעאישע רעוואָלוציע, די ירידה פונ'ם אינטערנאַציאָנאַל און דאָס ווידער־דערוואַכען פונ'ם אינטערנאַציאָנאַלען סאָציאַליסטישען געוויסען, די נייע עפּאָכע אינ'ם גרויסען קאַמף צווישען קאַפּיטאַל און אַרבייט און די האַרבע פּרינציפּיעלע און טאַקטישע פּראָבלעמען און חלוקי דעות, וואָס וואַקסען אַרויס פון איהם און שפּאַלטען דעם פּראָלעטאַרישען קאַמף־פראָנט; דער עקאָנאָמישער חורבן פונ'ם גאַנצען אידישען ישוב אין מזרח־אייראָפּע, די שרעקליכע רדיפות אויף די אידישע פאָלקסמאַסען בעת דער גאַנצער מלחמה און דער פּאָגראָם־מבול, אין וועמעס בלוטיגע כוואַליעס ס'טרענקט זיך נאָך איצט אונזער פאָלק אויפ'ן גאַנצען שטח פונ'ם היסטאָרישען קאַמף צווישען דער רוסישער רעוואָלוציע און דער אַלוועלטליכער קאָנטער־רעוואָלוציע, דער קאַמף פונ'ם אידישען פּראָלעטאַריאַט פאַר זיין סאָציאַלער און נאַציאָנאַלער עמאַנציפּאַציע און די נייע פּראָבלעמען, וואָס זענען מיט איהם פאַרבונדען אין דער איצטיגער עפּאָכע, די פּראָבלעמען פון ווידעראויפבוי און עמיגראַציע, דער הערבאָישער קאַמף פון דער אידישער אַרבייטערשאַפט אין ארץ ישראל פאַר דער אויפהאַלטונג פונ'ם אַרבייטענדען ישוב און די פּראָבלעמען פון אונזער סאָציאַליסטישער אויפבוי־אַרבייט אין ארץ ישראל — דאָס אַלץ וועט אין אונזער דין וחשבון אפילו נישט קענען געשילדערט ווערען אין דעם מאָס, אין וועלכען אונזער וועלט־באַוועגונג אָדער איהרע טיילען האָבען געשפּילט דערביי אַ מעהר אָדער ווייניגער אַקטיווע ראָל. מיר מוזען זיך אָבזאָגען דערפון, צו געבען דאָ אַ בילד פון דער אַנטוויקלונג פון אונזער באַוועגונג אין אַלע לענדער, איהר טעטיגקייט און איהר וואַקסען אין די לעצטע זיבען יאָהר, הגם דאָס וואָלט געווען זעהר אַ דאַנקבאַרע אויפגאַבע. מיר באַגנוגענען זיך מיט אַ דין וחשבון פון דער־

טעטיגקייט פונ׳ם אייראָפּעאישען סעקרעטאַריאַט פון אונזער וועלט־פארבאנד זייט דער פערטער וועלטקאָנפערענץ. איבער דער אַרבייט פון ארץ ישראל׳דינען סעקרע־טאַריאַט וועט פון איהם פּאָרגעלעגט ווערען אַ באַזונדערער באַריכט.

אָבער אויך אין דעם דאָזיגען שמאָלען ראַמען וועט אונזער דין וחשבון נישט קענען זיין קיין פולער. אין דער צייט האָט זיך עטליכע מאָל געביטען דער זיץ פונ׳ם פּאַרבאַנד־בירא און זיין צוזאַמענשטעל. אפילו די מאַטעריאַלען, וואָס וואָלטען געמוזט דינען אַלס אַ יסוד פאַר אַ פולען דין וחשבון, זענען צוואָרפען אויף פאַרשידענע ערטער. וואָס מיר לעגען דאָ פאָר דער וועלטקאָנפערענץ איז נישט מעהר ווי אַ קורצער איבערבליק. מיר האָפען אָבער, אַז מיר גיבען דערמיט דאָך די חברים דעלעגאַטען אַ נעהערינען יסוד פאַר אַ פּראָדוקטיווער קריטיק און אַנ׳אָביעקטיווען משפט איבער דער טעטיגקייט און פּאָליטיק פונ׳ם אייראָפּעאישען סעקרעטאַריאַט.

## צוזאַמענשטעל און זיץ פון פאַרבאַנדס־ביוראָ.

די פערטע וועלטקאָנפערענץ האָט געוועהלט אין פאַרבאַנדס־ביוראָ די פאָלגענדע חברים: באָראָכאָוו, האַהן, חאַזאַנאָוויטש, ראָזענפעלד און רעוואוצקי (פאַר׳ן אייראָפּעאישען סעקרעטאַריאַט) אשור, בלומענפעלד, וואַלדשטיין, קאַפּלאַנסקי (פאַר׳ן ארץ־ישראל׳דינען סעקרעטאַריאַט). אַלס צעהנטען מיטגליד האָט לויט׳ן פאַרבאַנדס־שטאַטוט די ארץ ישראל׳דיגע פאַרטיי שפּעטער באַשטימט דעם חבר זרבבל.

## ביוראָ אין ווין.

ביז צום אויסברוך פון דער מלחמה איז די אַרבייט פונ׳ם אייראָפּעאישען סעקרעטאַריאַט אין ווין אָנגעפיהרט געוואָרען פון די חברים: באָראָכאָוו, האַהן, רעוואוצקי און חאַזאַנאָוויטש אַלס סעקרעטאַר. חבר קאַפּלאַנסקי איז געבליבען אין אייראָפּא און איז געשטאַנען אין שריפטליכען קאָנטאַקט מיט׳ן ווינער ביוראָ. די פּ. א. פ. פּראָוואַלטונג האָבען אָנגעפיהרט רעוואוצקי, האַבערמאַן און מ. כהן. מיט אויסברוך פון דער מלחמה איז דאָס ביוראָ דעזאָרגאַניזירט געוואָרען: חבר באָראָכאָוו, האָט געמוזט פאַרלאָזען ווין און איז אַוועקגעפאָהרען קיין אַמעריקאַ. חבר חאַזאַנאָוויטש איז אינטערנירט געוואָרען און איז אין פרי־יאהר 1915 אַריבער קיין האָלאַנד. חבר רעוואוצקי איז פריהער געהאַט געפאָהרען קיין רוסלאַנד.

## ביוראָ אין האאג.

אין יענער צייט האָט זיך חוץ חבר באָראָכאָוו אויך חבר קאַפּלאַנסקי געפונען אין ניו־יאָרק. וואוהין ס׳זענען אויך געקומען פון ארץ ישראל מיט אינסטרוקציעס פון דער ארץ־ישראל פאַרטיי די פון פלשתינא פאַרשיקטע חברים בן־צבי און בן־גוריון (זרבבל איז געקומען שפּעטער). די קאָנווענשאַן פון דער אַמעריקאַנער פאַרטיי אין ראָטשעסטער (10 אָקטאָבער 1914) האָט באַשלאָסען צו שאַפען

אין ניו־יאָרק אַ פּראָוויזאָריש פאַרבאַנדס־ביוראָ פֿון די פּ״צ־מיטגלידער אין ניו־יאָרק און פאַרטרעטער פון דער אַמעריקאַנער פּאַרטיי. עס האָט אָבער ניט לאַנג עקסיסטירט.

אין יוני 1915 איז חבר קאַפּלאַנסקי געפאָהרען פון אַמעריקאַ קיין האאג. דאָ האָבען זיך בכן געפונען צוויי געוועהלטע מיטגלידער פונ׳ם פאַרבאַנדס־ביוראָ. אין הסכם מיט׳ן צענטראַל קאָמיטע פֿון ניו־יאָרק, פֿון דער ארץ ישראל פּאַרטיי און מיט דער שפּעטערער הסכמה פון די חברים אין עסטרייך, רוסלאַנד און ענגלאַנד, איז באַשלאָסען געוואָרען אריבערצוטראָגען דאָס פאַרבאנדס־ביוראָ קיין האאג אין דעם צוזאמענשטעל: חאַזאַנאָוויטש, קאַפּלאַנסקי. די צענטראַלע פֿערוואַל־טונג פונ׳ם פּ. א. פּ. איז איבערגעגעבען געוואָרען דעם ניו־יאָרקער פּאַלעסטינאַ־קאָמיטעט מיט׳ן אנטייל פון בן־צבי און בן־גוריון.

זייט דעם האָט זיך דער צונויפשטעל פונ׳ם סעקרעטאַריאַט עטליכע מאָל טיילוויז געביטען. אין אַפּריל 1916 איז געקומען קיין האאג חבר לאָקער, וועלכער איז אלס געוועהלטער ערזאַץ־מאַן אריינגעטרעטען אין פאַרבאַנדס־ביוראָ. כמעט גלייכצייטיג איז חבר חאַזאַנאָוויטש אַוועקגעפאָהרען קיין ניו־יאָרק אויף בערך 7 חדשים. דעמאָלט איז חבר לאָקער געוואָרען סעקרעטאַר פונ׳ם פאַרבאנדס־ביוראָ. נאָך חבר חאַזאַנאָוויטש׳ס צוריקקומען (נאָוועמבער 1916) איז דאָס פאַרבאַנדס־ביוראָ ווידער באַשטאַנען פון דריי מיטגלידער ביז סעפּטעמבער 1917, ווען דאָס ביוראָ איז אַריבער קיין סטאָקהאָלם; (חבר קאַפּלאַנסקי איז געבליבן אין האאג).

## ביוראָ אין סטאָקהאָלם.

צוליב דער מעגליכקייט, אַז די סטאָקהאָלמער קאָנפֿערענץ זאָל דאָך פֿאָרקומען און דער עיקר צוליב דער בעסערער פאַרבינדונג מיט רוסלאַנד, איז בהסכם מיט די חברים באָראָכאָוו און זרבבל באַשלאָסען געוואָרען אין סעפּטעמבער 1917, צו לאָזען דאָס פּ. ב. אין סטאָקהאָלם. ח. קאַפּלאַנסקי האָט איבערגענומען צו פיהרען פון האַאַג אויס די א״י ענינים און איז אויך געשטאַנען מיט סטאָקהאָלם אין אַ שטענדיגען קאָנטאַקט. אין סטאָקהאָלם האָט אַ קורצע צייט מיטגעאַרבעט ח. זרבבל, נאָך זיין אָבפאָהרען קיין רוסלאַנד סוף 1917, זענען געבליבען ווידער צוויי מיט־גלידער, די חברים חאַזאַנאָוויטש און לאָקער.

פֿון אויגוסט 1918 ביז סוף יאַנואר 1919 האָט זיך ח. ישראל שוחט נאָך זיין באַפֿרייאונג אויס ברוסאַ אויפֿגעהאַלטען אין סטאָקהאָלם. ער האָט אין דער צייט אָנטייל גענומען מיט גלייכע רעכט אין דער אַרבייט פֿונ׳ם פּ. ב. — פֿון פֿעברו־אר ביז יולי 1919 (בערנער אינטערנאַציאָנאַלע קאָנפֿערענץ ביז צו דער סטאָקהאָל־מער באראַטונג) האָבען זיך אויך קיין צוויי מיטגלידער פֿונ׳ם פּ. ב. ניט געפֿונען אויף איין אָרט. די פּרובען, צו רעאָרגאַניזירען דאָס ביוראָ (דורך קאָנצענטרירן 3 חברים ווידער אין האאַג) האָבען זיך ניט איינגעגעבען, און די אַרבייט פֿונ׳ם ביוראָ, וואָס איז אָנגעפֿיהרט געוואָרען פֿון די פּ. ב. מיטגלידער אין סטאָקהאָלם, האַאַג און לאָנדאָן, האָט פֿון דעם מצב שטאַרק געליטען.

די סטאָקהאָלמער באראַטונג האָט צוגעוועהלט דעם ה. מ. יארבלום אַלס מיטגליד פֿונ׳ם פּ. ב. — ה. קאַפּלאנסקי האָט זיך באַזעצט אין סטאָקהאָלם און דאָס סעקרעטאַריאַט איז באַשטאַנען דעם לעצטען יאָהר פֿון די חברים יארבלום, לאָקער און קאַפּלאַנסקי.

# בּוֹראָ אין בערלין.

אָנהויב פֿעברואַר 1920 איז דאָס בּוֹראָ אריבערגעטראָגען געוואָרען קיין בערלין, פֿון איין זייט צוליב פֿינאַנציעלע טעמים (נידעריגע וואַלוטע), פֿון דער אַנדערער זייט צוליב דער נאָהענטקייט צו די צענטרען פֿון דער באוועגונג אין מזרח אייראָפּא, וואָס איז באַזונדערס וויכטיג געווען מחמת דער אָרגאַניזירונג פֿון דער וועלט־קאָנפֿערענץ.

# אינטערנאציאָנאל.

## א) אָרגאַניזאַטאָרישע באַציהונגען.

די אַרבייט פֿאַר דער צולאַזונג פֿון אונזער פֿאַרבאַנד צום אינטערנאציאָנאל האָט זיך אָנגעהויבען נאכ׳ן אריבערטראָגען דאס פֿאַרבאַנדס בּוֹראָ קיין האַג. אהין איז צו יענער צייט אויך אריבערגעקומען דער סעקרעטאַר פֿונ׳ם אינטערנאַציאָנאַלען סאָציאַליסטישען בּוראָ, ה. קאַמיל הויסמאַנס, און ס׳איז איינגעזעצט געוואָרען אַ פּראָוויזאָרישער עקזעקוטיוו קאָמיטעט (פֿון די האָלענדישע מיטגלידער פֿונ׳ם בּוראָ). דאס פּ. ב. האָט אויסגענוצט דעם דאָזיגען פֿאַקט צוליב אַ נעהנטערען קאָנטאַקט מיט׳ן ה. הויסמאַנס און די אַנדערע מיטגלידער פֿונ׳ם עקזעקוטיוו־קאָמיטעט, קודם כל ה. טרולסטרא. נאָך אַ משא ומתן פֿון עטליכע הדשים האָט זיך ארויסגעוויזען, אַז דערגרייכען די פֿאָרמעלע צולאָזונג פֿונ׳ם וועלט־פֿאַרבאַנד אַלס אַזעלכען איז נישט מעגליך, ווייל די סטאַטוטען פֿונ׳ם אינטערנאַציאָנאַל וויסען נאר פֿון מלוכה־סעקציעס. אבער פֿאַר דער צולאַזונג פֿון אנ׳אינטערנאַציאָנאַלער אָרגאַניזאציע ווי אונזער פֿאַרבאַנד, וואָלט נויטיג געווען אנ׳ענדערונג פֿון די סטאַטוטען, וואס איז פֿאַרשטעהט זיך דעמאָלט נישט מעגליך געווען.

ה. הויסמאַנס האָט געמאַכט דעם פֿאָלגענדען פֿאָרשלאַג: די אַזוי גערופֿענע אָטאָמאַנישע סעקציע איז בשעתו באַשטאַנען פֿון צוויי אונטערסעקציעס: דער אַרמענישער (מיט 2 שטימען) און דער סאַלאָניקער (מיט 1 שטימע). מיט׳ן איבערגעהן פֿון סאַלאָניקי צו גריכענלאַנד נאָך דער באַלקאַנישער מלחמה איז געבליבען נאַר די אַרמענישע אונטערסעקציע. ה. הויסמאַנס האָט בכן פֿאָרגעלעגט, אַז די א״י־פּארטיי זאָל אַריינגעהן אין אינטערנאַציאָנאַל אַלס אונטערסעקציע ארץ־ישראל פֿון דער אָטאָמאַנישער סעקציע און קריגען די פֿריי געוואָרענע שטימע פֿון דער סאַלאָניקער פֿעדעראַציע. דערביי איז אָבער פֿאַרשטאַנען געוואָרען, אַז פֿאַקטיש געהט דערמיט אַריין אין אינטערנאַציאָנאַל דער גאַנצער פֿאַרבאַנד, וועלכער וועט אויך וועהלען די דעלעגאַטען צו די קאָנגרעסען און די פֿאַרטרעטער אין אינטערנאַציאָנאַלען בּוראָ.

דערכענדיג זיך מיט דער סיטואַציע און האַלטענדיג פאַר וויכטיג קודם כל צו עפענען פאַר אונזער באַוועגונג אין דער דערוויל מעגליכער פאָרם דעם צוטריט צום אינטער־נאַציאָנאַל, איז דאס פ. ב. איינגעגאַנגען אויף דעם פאָרשלאַג.

אַ געהעריגען באשלוס האָט אנגענומען דער עקזעקוטיוו־קאָמיטעט אָגהויב 1916. אויף דעם סמך זענען מיר שוין גערופען געוואָרען גלייך מיט אַלע אנגעשלאסענע פאַרטייען צו דער סטאָקהאָלמער קאָנפערענץ אין זומער 1917. וועגען דער נויטיגער הסכמה פון דער ארמענישער אונטערסעקציע האבען מיר געפיהרט אַ משא־ומתן אין פאַריז און סטאָקהאָלם, זי איז גענעבען געוואָרען אין דעצעמבער 1917.

אין בערן האָט אונזער דעלעגאַציע זיך שוין באַטיילינט אלס סעקציע פאַלעסטינאַ. דאס איז געשעהן, רעכענענדיג זיך מיט דער שטאַרקקייט פונ'ם גאַנצען וועלט־פאַרבאַנד. מיר האָבען אָבער שטענדיג אונטערגעשטראָכען, אז מיר באַטראַכטען דעם דאָזיגען מצב פאַר אַ פראָוויזאָרישען און אונזער ציל איז די אידישע סעקציע.

הגם די איצטיגע וועלט־קאָנפערענץ וועט דאַרפען באַשליסען, צי קענען מיר בכלל נאָך פאַרבלייבען אינ'ם צווייטען אינטערנאַציאָנאַל, פאַרקלענערט דאָס, ווי אונז דאַכט זיך, נישט דעם ווערט פונ'ם דערגרייכטען ערפאָלג. אין בערן, אַמסטערדאַם און ליוצערן זענען צום ערשטען מאָל געווען דעלעגאַציעס פונ'ם אידישען פראָלעטאַריאַט וואָס זענען געקומען נישט אונטער אַ פרעמדער פירמע, נאָר בפירוש אַלס פאַרטרעטער פונ'ם אידישען סאָציאַליזם. בעת דער בונד, למשל, איז דירעקט ביז צום לעצטען מאָמענט נישט געווען פאַרטרעטען אין אינטערנאַציאָנאַל, נאָר בלויז אינדירעקט, דורך די רוסישע מענשעוויקעס. דער פאַקט פון אונזער צולאָזונג צום אינטערנאַציאָנאַל האָט געפונען דעם וואַרימסטען אָבקלאַנג ביי די חברים אין אַלע לענדער און געמאַכט אין דער גאַנצער אידישער עפענטליכקייט אַ שטאַרקען רושם.

דאָ איז נאָך נויטיג אַ באַמערקונג וועגען דער שטעלונג פונ'ם פ. ב. צו צימערוואַלד. מיר האָבען די צימערוואַלדער אקציע פונ'ם ערשטען מאָמענט אָן באַגריסט אלס דעם ערשטען סימן פונ'ם ווידער־אויפוואַכען פונ'ם אינטערנאַציאָנאַלען געוויסען פונ'ם וועלט־פראָלעטאַריאַט, אַלס דעם ערשטען פרוב פון אינטערנאַציאָנאַלען קאמף נעגען דער מלחמה. אבער שטעהענדיג נאָך אין גאַנצען מחוץ דעם אינטערנאַציאָנאַל און פיהרענדיג ערשט די אַקציע, אין איהם אריינצוטרעטען, האָבען מיר געהאַלטען פאַר גליכער, זיך נישט אַריינצומישען אין דעם אינערליכען סכסוך פונ'ם דעמאָלט נאָך איינינען אינטערנאַציאָנאַל. פאַר צימערוואַלד וואָלט אונזער צוטריט, אויב מיר וואָלטען בכלל צוגעלאָזט געוואָרען, ביי די דעמאלטדיגע כוחות־פאַרהעלטענישען געהאַט נאָר אַ קנאַפע באַדייטונג. מיר אבער וואָלטען זיך פאַרשווערט די פאַרהאַנדלונגען וועגען צוטריט ובפרט די אויפקלערונגס־אַרבייט איבער דער אידישער פראַגע.

נאָך דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע האָט אונז אונזער רוסלענדישע פאַרטיי מודיע געווען, אַז זי שטעהט אויפ'ן צימערוואַלדיסטישען שטאַנדפונקט און געבעטען אונז, צו רעפרעזענטירען זי ביי דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער קאָמיסיע. מיר האָבען די חברים געענטפערט, אז מיר האַלטען די פראַגע פונ'ם אינטערנאַציאָנאַל פאַר אַנ'ענין פונ'ם גאַנצען וועלטפאַרבאַנד און מודיע געווען זיי, פאַרוואָס מיר קענען זיי ניט רעפרעזענטירען אין צימערוואַלד. דאָך האָבען מיר

מודיע געווען דער צימערוואַלדער קאָמיסיע אין בערן דעם באַשלוס פֿון דער רוסלענדישער פּאַרטיי.

## ב) אויפקלערונגס־אַרבייט איבער דער אידישער פראַגע.

דער אָרגאַניזאַטאָרישער ערפאָלג וואָלט אבער נישט מעגליך געווען אָהן דער ברייטער אויפקלערונג איבער דער אידישער פראַגע, וואָס האָט זיך אָנגעהויבען מיט'ן האַאַגער פעריאָד. די חברים זענען אין אלגעמיינעם איבער דער דאָזיגער טעטיגקייט אינפאָרמירט, מיר קענען בכן זיין זעהר קורץ.

## שריפטליכע אויפקלערונגס־אַרבייט.

יוני 1915 האָט דאָס פאַרטיי ביוראָ אָנגעהויבען אַרויסגעבען די „אידישע אַרבייטער־קאָרעספאָנדענץ" (יא"ק), דערווייל מחמת מאַנגעל אין געלד־מיטלען נאָר אין דייטש. דער צוועק פֿון דער קאָרעספאָנדענץ איז געווען א דרייפאַכער: 1) צו וועקען די אויפמערקזאַמקייט פֿון דער אלגעמיינער ובפרט סאָציאַליסטישער עפענטליכקייט אויף דער לאַגע פֿון די אידען אין מזרח־איירָאָפּא, אויף די רדיפות אין רוסלאַנד, עסטרייך א. א. וו. 2) אויפצו־קלערען די סאָציאַליסטישע עפֿענטליכקייט איבער די צילען פֿון אונזער באַוועגונג און איבער'ן אמת'ן תוך פֿונ'ם אידישען פּראָבלעם און 3) צו געבען דער אידישער פרעסע דעם נויטיגען פּאָליטישען מאַטעריאַל איבער די טראַגישע געשעהענישען אינ'ם אידישען לעבען און פאַרלייכטערן איהר אזוי דעם קאַמף פאַר די רעכט פֿון די אידישע מאַסען און נענען די רדיפות און גירושים. אין דעם לעצטען פרט האָט די יא"ק געבראַכט גרויסען נוצען, כל זמן ס'זענען ניט געווען אנדערע אינפאָר־מאַציע־קוועלען פאַר דער אידישער פרעסע (פּרעסביוראָס). די ערשטע צוויי צוועקען, ובפרט דעם צווייטען, דערפֿולט די יא"ק ביז צום היינטיגען טאָג. אין די שווערסטע צייטען פֿון דער מלחמה, בעת די גירושים אויס ליטע און קורלאַנד, בעת די רדיפות פֿון בהין־עדין אין א"י, בעת דעם גירוש יפו א. א. וו. האָט די יא"ק אויפגעטרייסעלט די סאָציאַליסטישע און דעמאָקראַטישע עפֿענטליכקייט, פּובליקירענדיג דאָקומענטען, אויטענטישע באַריכטען און אַרטיקלען איבער די לויפענדיגע געשעהענישען, זי האָט אויך אינפאָרמירט די סאָציאַליסטישע וועלט איבער די צילען פֿון אונזער באַוועגונג, איבער'ן עמאַנציפּאַציע־קאַמף פֿון די אידישע פאָלק־מאַסען (קאָנגרעס־בעוועגונג). די יא"ק איז צושיקט געוואָרען צו די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, געווערקשאַפטס־צענטראַלען, סאָציאַליסטישע דעפּוטאַטען, צו דער, פּרעסע, פיהרענדיגע פּערזענליכ־קייטען א. אז. וו. און האט זיכער אסך מיטגעהאָלפען צו אונזער ערפאָלג אינ'ם אינטערנאַציאָנאַל. זייט סוף 1917 איז די יא"ק ארויסגעגעבען געוואָרען אויך אין ענגליש. זייט דער סטאָקהאָלמער באַראַטונג ערשיינט זי געדרוקט אין דייטש, ענגליש, פראַנצויזיש. די פּרובען, ארויסצוגעבען זי אויך אין אידיש האבען זיך צום באַדוירען נישט איינגעגעבען מחמת רעדאַקציאָנעלע און טעכנישע שוועריגקייטען.

1915 האָט דאָס פּ. ב. איבערגעגעבן דעם אינטערנאַציאָנאַלען ביוראָ אַ אויספיהרליכען מעמאראנדום „די אידען און די מלחמה“ (רויט-בוך). אינ׳ם טעקסטטייל ווערט בּיים שיין פון די מלחמה-געשעהענישען אלזייטיג באלויכטען די לאַגע פונ׳ם אידישען פאָלק און אַרבייטער-קלאַס אין אַלע לענדער און אויפגעשטעלט די פאָדערונגען פונ׳ם אידישען פראָלעטאַריאַט בנוגע די גלות-לענדער און אהוי׳ן דעם אנטהאַלט דאס בוך א רייכע דאָקומענטען-זאַמלונג. די שריפט, וואס איז שטאַרק פאַרשפּרייט געוואָרען אין דער גאַנצער סאָציאַליסטישער וועלט, האט געמאַכט א שטאַרקען רושם. די צאָהל עקזעמפּלאַרען, וואָס איז געווען באַשטימט פאַר׳ן בוכהאנדעל, איז באַלד געווען אויספערקויפט. סוף 1916 איז נויטיג געוואָרען אַ צווייטע, דערגענצטע דייטשע אויסגאַבע, גלייכצייטיג איז ארויס די פראַנצויזישע אויסגאַבע און אין 1917 האָט דער נוי-יאָרקער צ. ק. ארויסגעגעבן די ענגלישע אויסגאבע. מ׳קען זאָגען אָהן אַ גוזמא, אז קיין אַנדער בוך- האָט ביז איצט נישט געהאַט אזא ווירקונג אויף דער עפענטליכער מיינונג לטובת די שטרעבונגען און פאָדערונגען פונ׳ם אידישען פּראלעטאַריאַט.

כדי קלאר צו מאכען דער אינטערנאציאָנאלער סאציאַליסטישער וועלט דאָס נאַציאָנאַלע פּראָבלעם און די פּראַגע פון נאַציאָנאלע מינאריטעטען-רעכט פאַר די אידען אין מזרח-אייראָפּא האט דאס פּ. ב. אין יולי 1916 אויסגעארבייט א געזעץ-פּראָיעקט וועגען נאַציאָנאלער אויטאָנאמיע און שפּעטער אַ דערקלערענדיגע הקדמה אונטערן נאמען: פארמען פון נאַציאָנאַלער אוטאנאמיע. די שריפט איז איבערגעגעבן געוואָרען דעם אינטערנאַציאָנאל אלס מעמאָראַנדום און איז אויך פאַרשיקט געוואָרען צו די סאָציאַליסטישע פּארטייען און דער פּרעסע אין דייטש, פּראַנצויזיש, ענגליש.

ווייטערע פּובליקאַציעס: די סטאָקהאָלמער דעקלאַראציע, פאַרשפּרייט אין מויזעגדער עקזעמפּלארען אין דייטש, פּראַנצויזש, ענגליש, שוועדיש (אין סקאנדינאַוויען), רוסיש (העקטאָגראַפירט), אידישע אויסגאַבען ערשינען אין עטליכע לענדער;

דאס מעמאראנדום צו דער סאציאליסטישער קאנ-פערענץ פון די אליאירטע לענדער (סעפּטעמבער 1918) איבער דער פראַגע פון נאַציאָנאַלע מינאָריטעט-רעכט אין מזרח-אייראָפּא (ענגליש);

מעמאראנדום איבער די אידען אין רומעניען (1919) און איבער אונזערע פאָדערונגען בנוגע א״י. פּרטים ביי די שיכות׳דיגע פּונקטען.

## פארהאַנדלונגען.

גלייכצייטיג איז געפיהרט געוואָרען אַ ברייטע אויפקלערונגס-אַרבייט דורך מינדליכע קאָנפערענצען און קאָרעספּאָנדענץ מיט אָפיציעלע קערפּערשאַפטען און אנפיהרענדיגע פּערזענליכקייטען. אין משך פון דער גאַנצער צייט זענען מיר געקומען אין אַ מעהר אָדער ווייניגער ענגען קאָנטאַקט מיט די סאָציאַליסטישע פּארטייען פון כמעט אלע לענדער.

ד ע ר  ה א א ג ע ר  ק א נ פֿ ע ר ע נ ץ  פֿ ו ן  ד י  ס א צ י אַ ל י ס ט ע ן  פֿ ו ן  ד י  נ י י ט ר א ל ע  ל ע נ ד ע ר (אויגוסט 1916) האבען מיר צוגעשטעלט דעם דערמאַנטען געזעץ־פּראָיעקט פֿון נאַצ. אויטאָנאָמיע מיט אַ סטאַטיסטישער איבערזיכט איבער די אידען אין מזרח־איירָאפּאַ. דא האָבען מיר אויך דערגרייכט דעם ערשטען, הגם נאָך זעהר קליינעם ערפֿאָלג. דערמיט, וואָס דער פֿאָרזיצענדער ה. טרולסטרא האָט אין זיין רעדע דערקלערט, אז די פֿאָדערונג פֿון נאַציאָנאַלער אויטאָנאמיע פֿאַר די מינאָריטעטען איז הל אויך אויף די אידען אין מזרח־איירָאפּאַ, בפרט אין פּוילען.

ד ע ק ל א ר א צ י ע  ו ו ע ג ע ן  ד ע ר  א י ד י ש ע ר  פֿ ר א ג ע  א י ן  פּ ו י ל ע ן. אים נאָוועמבער 1916 נאָך דער פּראָקלאַמאַציע פֿון דער פּוילישער מלוכה דורך דייטשלאַנד און דער גלייכצייטיגער פֿאַראָרדנונג וועגען די אידישע קהילות אין פּוילען האָבען מיר אין אנ׳ אויספֿיהרליכער דעקלאַראַציע נאָך אַמאָל נעצווינגען די אויפֿמערקזאמקייט פֿון דער סאָציאַליסטישער וועלט אויף די פּויליש־אידישע באַציהונגען און אויפֿגעהויבען די פֿאָדערונג פֿון נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע און גלייכבארעכטיגונג פֿון די אידען אין פּוילען. דער דאָקומענט איז אָבגעדרוקט אינ׳ם רויט־בוך צווייטע דייטשע אויפֿלאַגע (יולי—אָקטאבער 1917).

## סטאָקהאָלמער אקציע.

דאָס צונויפֿרופֿען די געפּלאַנטע אינטערנאַציאָנאלע סאָציאליסטישע קאָנפֿערענץ קיין סטאָקהאָלם נאָך דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע (מאַי 1917) דורכ׳ן רוסיש־ האָלענדיש־ סקאַנדינאַווישען קאָמיטעט האט ארויפֿגעלעגט אויפֿ׳ן פֿאַרבאַנדס־ביוראָ אַ פֿאַרדאָפּעלטע אחריות. דער פּרוב, צונויפֿצוברענגען גלייכצייטיג אַ וועלט־קאָנפֿערענץ האָט זיך מחמת קאָמוניקאַציע־ און פּאַס־שוועריגקייטען נישט איינגעגעבען אבער דאָך האבען מיר דעמאָלט צום ערשטען מאָל זייט יאָהרען ווידער געהאַט די מעגליכקייט, צו טיילען אחריות פֿאַר אַזאַ וויכטיגען שריט ווי די ענדגילטיגע פֿאָרמולירונג פֿון אונזערע אַלגעמיינע און אידישע שלום־פֿאָדערונגען מיט עטליכע אנפֿיהרעדיגע חברים, וואס האָבען פֿאַרמאָגט דעם צוטרוי פֿון דער באַוועגונג. דורכפֿאָהרענדיג קיין רוסלאַנד האָבען זיך אבגעשטעלט אין סטאָקהאָלם די חברים באַראכאוו, זרבבל, יארבלום, וועלטמאַן (לאנדאָן). די לעצטע צוויי האָבען אבער נאָר געקענט באַטיילינען זיך אין די ערשטע באַראַטונגען איבער אונזער דעקלאַראַציע, ווייל זיי זענען באַלד ווייטער געפֿאהרען. אין דער סעפּאַראַטער קאָנפֿערענץ מיט׳ן אינטערנאַציאָנאַלען (האָלענדיש־סקאַנדינאַווישען) קאָמיטעט האבען זיך באַטיילינט פֿון אונזער זייט די חברים באָראכאוו, זרבבל, תאזאַנאָוויטש, שפּעטער זענען געקומען קיין סטאָקהאָלם אויך די חברים לאָקער און קאַפּלאַנסקי. די באַקאַנטע סטאָקהאָלמער דעקלאַראַציע איז אויסגעארבייט געוואָרען מיט׳ן אָנטייל פֿון אלע חברים און נאָך אַ לאַנגען ישוב הדעת איבער יעדען פּונקט אנגענומען געוואָרען איינשטימיג. בנוגע די א״י פֿאָדערונגען האָבען מיר אויך אויסגעהערט די מיינונג און די וואונשען פֿונ׳ם ציוניסטישען אַקציאָנס־קאָמיטעט.

בעת דער סטאָקהאָלמער אקציע האָבען מיר געהאַט קאָנפֿערענצען מיט די דעלעגאַציעס און פֿאַרטרעטער פֿון כמעט אַלע פּאַרטייען, וואָס זענען געקומען קיין סטאָקהאָלם.

דער ערפֿאָלג פֿון סטאָקהאָלם איז די חברים באַקאַנט. אין זיין שלום־מאַני־פֿעסט פֿונ'ם 10 אָקטאָבער 1917 האָט דער האָלענדיש־סקאַנדינאַווישער קאָמיטעט אריינגענומען אונזערע עיקר'דיגסטע פֿאָדערונגען אין זיין שלום־פּראָגראַם. דער פּונקט וועגען דער אידישער פֿראַגע לייענט זיך:

„אינטערנאַציאָנאַלע פֿאַרענטפֿערונג פֿון דער אידישער פֿראַגע: פּערזאָנאַל־אויטאָנאָמיע אין די געביטען פֿון רוסלאַנד, עסטרייך, רומעניען און פּוילען וואו די אידען וואוינען אין געשלאָסענע מאַסען; שוץ פֿון דער אידישער קאָלאָניזאַציע אין פּלשתינא.”

ווייטער פֿאָדערט דאָס מאַניפֿעסט:

„שאַפֿונג פֿון א פֿרייען, אומאַבהענגיגען פּוילען מיט דער זיכערונג פֿון דער עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג און אויטאָנאָמיע פֿון דער אידישער און אַנדערע מינאָריטעטען.”

דער רושם, וואָס דאָס דאָזיגע געשעהעניש האָט געמאַכט אין דער גאַנצער אידישער וועלט ובפרט אין די שורות פֿון אונזערע חברים, איז געווען זעהר אַ שטאַרקער. אין אַלע לענדער איז דער ערפֿאָלג געפֿייערט געוואָרען ווי אַ גרויסער נצחון פֿון אונזער געדאַנק, און אַלע לאַנד־פּאַרטייען האָבען אַרויסגעזאָגט זייער פֿולע הסכמה צו דער אַרבייט פֿונ'ם פּ. ב. פֿאַרשידענע לאַנד־פּאַרטייען האָבען איבערגענומען די פֿאָרמולירונג פֿון דער סטאָקהאָלמער דעקלאַראַציע אין זייערע אָפֿיציעלע און פּראָגראַמאַטישע אַרויסטרעטונגען. ס'איז קיין ספק ניט, אַז דער דאָזיגער ערפֿאָלג האָט זעהר אַ סך געהויבען דעם פּרעסטיזש פֿון אונזער באַוועגונג ביי דער גאַנצער אידישער אַרבייטערשאַפֿט און אין דער אידישער וועלט בכלל.

## פֿון סטאָקהאָלם ביז בערן.

נאָך סטאָקהאָלם האָט דאָס פּ. ב. ווייטער געפֿיהרט די אויפֿקלערונגס־אַרבייט אין דערזעלבער ריכטונג. דורך אַ גאַנצער שורה פֿאַרהאַנדלונגען מיט פֿאַרשידענע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען און פֿיהרער, דורך אַ ברייטער קאָרעספּאָנדענץ און דורך צושטעלען פֿון ליטעראַטור האָבען מיר געזוכט צו ווירקען אינ'ם גייסט פֿון אונזערע אידעען. מיר דערמאָנען די פֿאָלגענדע פּרטים: די ענגלישע „לייבאָר פּאַרטי” האָט אין איהר שלום־פּראָגראַם פֿון אויגוסט 1919 אריינגענומען אַ פּונקט וועגען אינטערנאַציאָנאַלער גאַראַנטיע פֿאַר דער אידישער קאָלאָניזאַציע אין א״י. בנוגע די גלות־לענדער האָט זיך אָבער אין דעם פּראָגראַם געפֿונען נאָר די פֿאָדערונג פֿון בירגערליכע רעכט. להיפוך, די פֿראַנצויזישע פּאַרטיי האָט אין איהר מעמאָראַנדום צום האָלענדיש־סקאַנדינאַווישען קאָמיטעט געפֿאָדערט פֿאַר „די אידען אומעטום, וואו זיי זענען אַ באַדייטענדע מינאָריטעט דאָס רעכט פֿון דער פֿרייער אַנטוויקלונג פֿון זייער נאַציאָנאַלער קולטור”. וועגען ארץ ישראל אָבער איז אין דעם מעמאָראַנדום ניט דערמאַנט. פֿאַר דער אינטעראַליאירטער סאָציאַליסטישער קאָנפֿערענץ אין לאָנדאָן פֿון פֿעברואַר 1918, האָט דאָס פּ. ב. זיך געווענדט צו דער לייבאָר פּאַרטי מיט'ן פֿאָרשלאַג, ממלא צו זיין איהר פּראָגראַם מיט דער פֿאָדערונג פֿון נאַציאָנאַלער מינאָריטעט־רעכט פֿאַר די אידען אין מזרח־איראָפּא. גלייכצייטיג האָבען מיר פֿאָרגע־

לעגט דער פֿראַנצעזישער פּאַרטיי צו דערגרייכען איהר שלום־פּראָגראַם דורך אַ געהעריגען פּונקט וועגען ארץ ישראל. דער רעזולטאַט איז געווען, אַז די אינטעראַליאירטע קאָנפֿערענץ האָט אָנגענומען די ענגלישע פֿאָרמולירונג מיט אַ קליינער אויסבעסערונג בנוגע די גלות־לענדער. דער פּונקט לויטעט:

„די קאָנפֿערענץ פֿאָדערט פֿאַר די אידען אין אַלע לענדער דיזעלבע עלעמענ־טאַרע רעכט פֿון פֿרייהייט פֿון דער רעליגיע, ערציהונג, וואוינען און באַשעפֿטיגונג און די גלייכע בירגערליכע רעכט, וואָס מוזען געגעבען ווערען אַלע איינוואוינער פֿון יעדער נאַציע. א הויז דעם האַלט זי, אַז פּלשתינא מוז באַפֿרייט ווערען פֿון דער טערקישער רעגירונג און געמאַכט ווערען צו אַ שטאַאַט אונטער אינטערנאַציאָנאַלער גאַראַנטיע, אין וועלכען אַלע אידען, וואָס ווילען דאָס, זאָלען זיך קענען אומקעהרען כּדי צו אַרבייטען פֿאַר זייער אייגענער טובה אָהן דער אַריינמישונג פֿון פֿרעמדע ראַסען אָדער רעליגיעס".

ניי איז נאָר די פֿאָדערונג פֿון „פֿרייהייט פֿון ערציהונג", וואָס איז אין דער ענגלישער פֿאָרמולירונג נישט געווען.

ס'פֿאַרשטעהט זיך, אַז דער רעזולטאַט האָט אונז נישט צופֿרידענגעשטעלט. מיר האָבען דעריבער דער נייער קאָנפֿערענץ פֿון די סאָציאַליסטען פֿון די אַליאירטע לענדער (סעפּטעמבער 1918) צוגעשטעלט אַ מעמאָראַנדום וועגען אונזערע נאַציאָ־נאַלע פֿאָדערונגען אין די גלות־לענדער מיט אַ שורה פֿון דאָקומענטען. די קאָנפֿע־רענץ האָט אָבער בכלל זיך נישט פֿאַרנומען מיט'ן טעריטאָרישען אינהאַלט פֿונ'ם שלום־אָבמאַך, אַזוי אַז אונזער וואונש איז נישט דערפֿולט געוואָרען. דער מעמאָ־ראַנדום האָט אָבער געהאַט זיין פּעולה אויף דער שפּעטערער שטעלונג פֿון דער לייבאָר פּאַרטי אין אַמסטערדאַם.

# די אינטערנאַציאָנאַלע סאָציאַליסטישע קאָנפֿערענץ אין בערן.

(2־10 פֿעברואַר 1919).

אויך אויף דער בערנער קאָנפֿערענץ האָט זיך מחמת די גלייכע טעמים צום באַדויערן נישט איינגעגעבען צו אָרגאַניזירען אַ נאָרמאַלע פֿאַרטרעטונג פֿון די וויכ־טיגסטע לאַנד־פּאַרטייען. דאָס פּ. ב. איז אָבער זיכער געווען אין דער הסכּמה פֿונ'ם גרעסטען רוב פֿון די חברים בנוגע דעם באַטייליגען זיך אין דער קאָנפֿערענץ. ווי מיר זאָלען זיך היינט נישט שטעלען צום צווייטען אינטערנאַציאָנאַל קען אָבער קיין ספק נישט זיין, אַז די בערנער קאָנפֿערענץ וועט בלייבען א מיילענשטיין פֿאַר דער אידישער אַרבייטער־באַוועגונג. צום ערשטען מאָל האָט פֿון אַנ'אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער טריבונע געקלונגען שטאָלץ און פֿריי דער קול פֿונ'ם אידישען אַרבייטער־קלאַס, צום ערשטען מאָל איז אויף אַנ'אינטערנאַציאָנאַלען צוזאַמענפֿאָהר געווען פֿאַרטרעטען אַ גלייכבאַרעכטיגטע אידישע דעלעגאַציע, וואָס איז צוגעלאָזט געוואָרען און איז אויפֿגעטרעטען נישט אַלס צושעפּעניש פֿון אַ נישט־אידישער סעקציע.

אויף דער קאָנפֿערענץ נופֿא איז די ווירקונג פֿון דער דעלעגאַציע געווען אַ גאַנץ אָנגעזעהענע. ביים פּונקט פֿעלקער־בונד האָט חבר לאָקער אין אַ לענגערער רעדע אָנגעוויזען אויף דער באַדייטונג פֿון דער נאַציאָנאַלער פֿראַגע און אויף דער נויטיגקייט פֿון דער שול פֿאַר די נאַציאָנאַלער מינאָריטעטען. דערנאָך האָט ער אַנטוויקעלט אונזערע פֿאָדערונגען בנוגע דעם אידישען פֿאָלק. חבר רודאָלף קאָהן האָט אין אונזער נאָמען און אין נאָמען פֿון די אַרמענישע סאָציאַליסטען אַריינגעטראָגען אַנ׳אַמענ־דעמענט צו דער רעזאָלוציע וועגען פֿעלקער־בונד, וועגען דער פֿאַרטרעטונג פֿון פֿעלקער און מינאָריטעטען אינ׳ם פֿעלקער־בונד און דער שאַפֿונג פֿון אַ אינטערנאַ־ציאָנאַלען טריבונאַל פֿאַר נאַציאָנאַלע ענינים. ס׳איז אָנגענומען געוואָרען אַנ׳אַלגעמיינערער אַמענדעמענט הויסמאַנס מיט דער בפירוש׳ער ערקלערונג, אַז ער איז צו פֿאַרשטעהן אינ׳ם גייסט פֿון אונזער אַנטראַג.

ווייטער זענען אַריינגעטראָגען געוואָרען פֿון אונזער דעלעגאַציע דריי רעזאָלוציעס צו דער אידישער פֿראַגע: אַנ׳אַלגעמיינע איבער אונזערע פֿאָדערונגען בנוגע גלות און איינע וועגען דער לאַגע פֿון די אידען אין רומעניען און אַ פּראָטעסט־רעזאָלוציע נעגען די פּאָגראָמען אין פּוילען. די ערשטע צוויי רעזאָלוציעס זענען צוזאַמען מיט אַלע טעריטאָריאַלע און נאַציאָנאַלע פֿ־אַגען, איבערגענעבען געוואָרען דער איינגעזעצטער פּערמאַנענטער קאָמיסיע צו ערלעדיגען אינ׳ם גייסט פֿון דער אַלגע־מיינער רעזאָלוציע וועגען די טעריטאָריאַלע פֿראַגען. די רעזאָלוציע וועגען די פּוילישע פּאָגראָמען איז אָנגענומען געוואָרען אויף דער ערשטער זיצונג פֿון דער פּערמאַנענטער קאָמיסיע, וואָס איז אָבגעהאַלטען געוואָרען אין בערן תיכף נאָך דער קאָנפֿערענץ. (זעה ווייטער).

ווייטער האָט די דעלעגאַציע דורך חבר חאַזאַנאָוויטש אַריינגעטראָגען צוויי וויכטיגע אַמענדעמענטען צו דער רעזאָלוציע איבער דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבייטער־געזעצגעבונג, וועלכע זענען אויך אָנגענומען געוואָרען. דער ערשטער אַמענדעמענט איז נוגע דעם אַלגעמיינעם רוה־טאָג. די רעזאָלוציע פֿאָדערט, אַז דער אַלגעמיינער רוה־טאָג זאָל אויספֿאַלען אין דער צייט פֿון שבת ביז מאָנטאָג פֿריה. אונזער אַמענ־דעמענט לייענט זיך אַזוי: „אויף לענדער און באַפֿעלקערונגס־גרופּען, וואָס האָבען אַנ׳אַנדערן וועכענטליכען רוה־טאָג, ווערען די דאָזיגע באַשטימונגען אַנגעווענדעט לויט׳ן זין". חבר חאַזאַנאָוויטש האָט דערביי בפירוש אָנגעוויזען דערויף, אַז די אַלגעמיינע זונטאָג־רוה ווערט אין פּוילען און אַנדערע לענדער אויסגענוצט אַלס אַ מיטעל פֿונ׳ם עקאָנאָמישען באָיקאָט נעגען די אידען. אָנגענומענדיג דעם אַמענדעמענט האָט די קאָנפֿערענץ אַנערקאַנט דאָס רעכט פֿון די אידען אויף שבת־רוה.

דער צווייטער אַמענדעמענט איז נוגע די איינוואַנדערונגס־פֿראַגע. די רעזאָלוציע ווי זי איז פֿאָרגעלעגט געוואָרען דער קאָנפֿערענץ פֿון דער קאָמיסיע האָט פּראָקלאַ־מירט דעם פּרינציפּ פֿון פֿרייער איינוואַנדערונג, האָט אָבער צוגעלאָזט צייטווייליגע איינוואַנ־דערונגס־פֿאַרבאָטען מצד יעדע מלוכה אין צייטען פֿון עקאָנאָמישען קריזיס, ווייטער צום שוץ פֿונ׳ם פֿאָלק־געזונד און דאָס אויפֿשטעלען געוויסע מינימאַל־פֿאָדערונגען בנוגע לייענען און שרייבען.

מיר האָבען אָנגעוויזען דערויף, אַז מיט די דאָזיגע אויסנאַמען איז דער פּרינציפּ פֿון איינוואַנדערונגס־פֿרייהייט פּשוט צו נישט געמאַכט. דער בילדונגס־צענז

טאָר בכלל נישט דערלאָזט ווערען; אָבער אויך די ערשטע צוויי אויסנאַמען טאָרען נישט פשוט איבערגעלאָזט ווערען די רעגירונגען פון די איינוואַנדערונגס־לענדער. ס׳דאַרף קלאָר אַרויסגעזאָגט ווערען, אַז דאָס רעכט, צו באַגרעניצען צייטווייליג די איינוואַנדערונג איז אַן׳אינטערנאַציאָנאַלע פראַגע און מוז אָבהענגיג זיין פון דער הסכמה פון אַן׳אינטערנאַציאָנאַלער אינסטאַנץ, וואָס זאָל זיין אַ גאַראַנטיע דערפאַר אַז ס׳וועט נישט אויסגענוצט ווערען איינזייטיג לרעה פון די וואַנדערנדיגע מאַסען.

אַ פולע איבעראַרבייטונג פון דעם טייל פון דער רעזאָלוציע איז נישט מעהר מעגליך געווען. די קאָנפערענץ האָט אָבער אָנגענומען אַן׳אַמענדעמענט, לויט וועלכען די דערמאַנטע באַגרענצונגען פון דער איינוואַנדערונג זענען נאָר צוגעלאָזט אין הסכם און אונטערן קאָנטראָל פון דער קאָמיסיע, וואָס דאַרף לויט אַ ווייטערען פונקט פון דער רעזאָלוציע געשאַפען ווערען צוליב דער דורכפיהרונג פון אינטערנאַציאנאַלען ארבייטער־שוץ און דאַרף צונויפגעשטעלט ווערען אויס אַ גלייכער צאָהל פאַרטרעטער פון די מלוכות ד. ה. איינוואַנדערונגס־ און אויסוואַנדערונגס־לענדער און פונ׳ם אינטערנאַציאָנאַלען געווערקשאַפטס־בונד.

ביידע דערמאַנטע הוספות זענען אגב אויך אַריינגענומען געוואָרען אין דער גלייכער רעזאָלוציע פונ׳ם דער גלייכצייטיג אָבגעהאַלטענער אינטערנאַציאָנאַלער געווערקשאַפטס־קאָנפערענץ.

די פראָטעסט־רעזאָלוציע נעגען די פאָגראָמען איז ערשט געקומען אויפ׳ן טיש פון דער ערשטער זיצונג פון דער פערמאַנענטער קאָמיסיע, וואָס איז אָבגעהאַלטען געוואָרען תיכף נאָכ׳ן סוף פון דער קאָנפערענץ. דאָ האָבען מיר געהאַט דעם ערשטען אָפענעם צוזאַמענשטויס מיט די צוויי דעלעגאַטען פונ׳ם בונד אין פוילען. אין אונזער רעזאָלוציע איז געווען אַ פּאַסוס, אַז דער אינטערנאַציאָנאַלער און אין ערשטער ליניע דער פוילישער פראָלעטאַריאַט זאָל אויפגעפאָדערט ווערען צום קאַמף נעגען די פאָגראָמען. די בונדיסטען האָבען דע־קלערט אַז דער ספּעציעלער אַפּעל צום פוילישען פראָלעטאַריאַט איז אַ נישט פאַרדינטע באַליידינגג פון די פוילישע חברים, ווייל די פ. פ. ס. האָט שוין אויף איהר צוזאַמענפאָהר אָנגענומען אַ רעזאָלוציע נעגען די פאָגראָמען. דער אַפּעל האָט געמוזט אויסגעמעקט ווערען, ווייל דער מאָדנער אַרויסטריט פון די בונדיסטען האָט דעזאָ־ריענטירט די נישט־אידישע חברים און צו אַ גרעסערער דעבאַטע איז שוין קיין צייט נישט געווען.

אחוץ דעם דאָזיגען „ערפאָלג״ האָבען די בונדיסטען אויף דער קאָנפערענץ קיין שום ראָל נישט געשפּילט. פאַר׳ן פּלענום זענען זיי אָפען נעגען אונז נישט אַרויסגעטרעטען. זיי האָבען נאָר אָבגעגעבען אַ דעקלאַראַציע, אין וועלכער ס׳הייסט, אַז „די פאַרענפערונג פון דער אידישער פראַגע איז נאָר מעגליך אין די לענדער פון אידישער קאָנצענטראַציע דורכ׳ן סאָציאַליזם״. ערשט אין לעצטען מאָמענט, שוין נאָך נעילה, האָבען זיי איבערגעגעבען אַ ווייטערע דעקלאַראַציע נעגען אונז, וועלכע איז אָבער נישט מעהר געקומען אין די הענד פון די דעלעגאַטען.

ביים פונקט „דעמאָקראַטיע און דיקטאַטור״ האָט אונזער דעלעגאַציע באַשלאָסען, נישט צו שטימען פאַר דער רעזאָלוציע בראַנטינג און אויך נישט אָנצושליסען זיך דער דערקלערונג אַדלער־לאָנגע. בראַנטינג׳ס

רעוואָלוציע איז געווען אַ דייטליכע פֿאַראורטיילונג פֿון די באַל־שעוויקעס, בעת אדלערס דעקלאַראַציע האָט געטראָגען אַ צו פֿאַלעמישען און נישט גענוג פּאָזיטיווען כאַראַקטער, זי האָט זיך אויך נישט קלאָר אַרויסגעזאָגט וועגען די אויפֿגאַבען פֿונ׳ם אינטערנאַציאָנאַל אינ׳ם איצטיגען מאָמענט. די דעלעגאַציע האָט ־דעריבער אָבגעגעבען אַנ׳אייגענע דעקלאַראַציע, וואָס זאָגט בעיקר זיך אַרויס פֿאַר דעמאָקראַטיע און רעוואָלוציאָנערע אקציע פֿון די מאַסען, וויזט אָן דאַרויף, אַז דער אינטערנאַציאָנאַל מוז ווערען דער העכסטער לעגיסלאַטיווער און עקזעקוטיווער אָרגאַן פֿונ׳ם וועלט־פּראָלעטאַריאַט און אַז ער מוז אויך ווערען דער פֿאַרטיידיגער און בעשיצער פֿון די אונטערדריקטע פֿעלקער. ווייטער שטיצט די דעקלעראַציע דעם פלאַן פֿון אַנ׳אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער קאָמיסיע קיין רוסלאַנד.

אין דער פּערמאַנענטער קאָמיסיע זענען נאָך אַנ׳אָבשטימונג פֿון די צענטראַל־קאָמיטעטען באַשטימט געוואָרען די חברים האַזאַנאָוויטש און קאַפּלאַנסקי, חבר לאָקער אַלס פֿאַרטרעטער.

## אַמסטערדאַם.

אויף דער קאָנפֿערענץ פֿון דער פערמאַנענטער קאָמיסיע אין אַמסטערדאַם (26—29 אפּריל 1919) זענען מיר געווען פֿאַרטרעטען דורך די חברים האַזאַנאָוויטש און לאָקער (דער לעצטער איז געקומען ערשט צו דער לעצטער זיצונג). ווי באַקאַנט, האָט די קאָנפֿערענץ כמעט איינשטימיג אָנגענומען מיט זעהר קליינע שנויים די רעזאָלוציעס וועגען דער אידישער פֿראַגע און די ספּעציעלע רעזאָלוציע וועגען דער רומענישער אידען־פֿראַגע, וואָס זענען פֿון אונז פֿאָרגעלעגט געוואָרען אין בערן. די בונדיסטישע רעזאָלוציעס זענען אָבגעוואָרפֿען געוואָרען.

די אָנגענומענע רעזאָלוציעס לויטען:

די אינטערנאַציאָנאַלע סאָציאַליסטען־קאָנפֿערענץ אנערקענט דעם אינטער־נאַציאָנאַלען כאַראַקטער פֿון דער אידישער פֿראַגע און אָנווענדענדיג די אַלגעמיינע פרינציפּען פֿונ׳ם זעלבסט־בעשטימונגס־רעכט פֿאָדערט זי איהר אינטערנאַציאָנאַלע פֿאַרענטפֿערונג אויף די פֿאָלגענדע יסודות;

1) פֿולע בירגערליכע גלייכבאַרעכטיגונג אין אַלע לענדער. די גלייכע בעהאַנד־לונג פֿון דער אידישער באַפֿעלקערונג פֿון די געביעטען, וואָס האָבען געליטען דורך דער מלחמה ביי זייער ווידעראויפֿבוי; אינטערנאַציאָנאַלער שוץ פֿון די אידען ווי פֿון אַלע נאַציאָנאַלע מינדערהייטען געגען פּיזישע רדיפות און עקאָנאָמישער אונטערדרוקונג;

2) גלייכבאַרעכטיגונג פֿון די אידען בנוגע דער פֿרייהייט פֿון איינוואַנדערונג און באַזעצען זיך אין אַלע לענדער;

3) נאַציאָנאַלע זעלבסט־פֿערוואַלטונג אויפ׳ן יסוד פֿונ׳ם פּערזאָנאַליטעטס־פּרינציפּ און נאַציאָנאַלע גלייכבערעכטיגונג אין דער מלוכה, פּראָווינץ און געמיינדע אין די לענדער, וואו אידען וואוינען אין מאַסען.

4) אנערקענונג פונ'ם רעכט פונ'ם אידישען פאָלק, זיך אויפצובויען אַ נאַציאָנאַלע היים אין פּאַלעסטינא און שאַפונג פון די בעדינגונגען דערצו אונטער'ן קאָנטראָל פונ'ם פעלקער־בונד, וועלכער דאַרף פונקט אַזוי אָבהיטען די בערעכטיגטע אינטערעסען פון דער איבריגער בעפעלקערונג פונ'ם לאנד.

5) פערטרעטונג פונ'ם אידישען פאָלק אינ'ם פעלקער־בונד".

די קאָנפערענץ האָט ווייטער אָנגענומען די פון אונז פאָרגעשלאָגענע רעזאָלוציע וועגען די אידען אין רומעניע, וואָס האָט פאָלגענדען נוסח:

„די קאָנפערענץ פראָטעסטירט אויפ'ן שאַרפסטען אופן געגען די שענדליכע בעהאַנדלונג פון אידען אין רומעניע און פאָדערט די פאַרענטפערונג פון דער אידישער פראַגע אין דער דאָזיגער מלוכה און אין געביטען, וואָס וועלען מיט איהר אפשר פאַראייניגט ווערען אינ'ם זין פון פולער בירגערליכער גלייכבערעכטיגונג און נאַציאָנאַלער זעלבסטפערוואַלטונג אונטער אינטערנאַציאָנאַלער גאַראַנטיע. זי פאָדערט די נישט־באַגרעניצטע נאַטוראַליזאַציע און גלייכבערעכטיגונג פון די אידען אין רומעניע אָהן אַ שום אויסנאַם און פראָטעסטירט געגען יעדען פרוב פון דער רומענישער רעגירונג צו פאַראייבינען די רעכטלאָזיקייט פון אַ גרויסען טייל פון די אידען דורך בעגרעניצענדיגע באַשטימונגען, ווי דאָס פאַרלאַנגען צו ברענגען אַקטען און אנדערע באַווייזען, אַז מ'איז געבוירען אין לאַנד וכדומה. דער פעלקער־בונד מוז אַכטונג געבען דערויף, אַז דאָס ברעכען דעם אבמאַך מצד דער רומענישער רעגירונג זאָל נישט מעהר מעגליך זיין".

מיט'ן אָננעמען די אַמסטערדאַמער החלטות ענדיגט זיך אַ וויכטיגער פעריאָד פון אונזער אַקציע אין אינטערנאַציאָנאַל און פון אונזער באַוועגונג בכלל. צווישען די חברים אין אלע לענדער אָהן אַ חילוק פון זייער שטעלונג צו דער פראַגע פונ'ם אינטערנאַציאָנאַל, און אין דער גאַנצער אידישער וועלט, איז דער ערפאָלג אויפגענומען געוואָרען מיט גרויסער באַגייסטערונג.

# ליוצערן.

אין דער זיצונג פון דער פערמאַנענטער קאָמיסיע אין ליוצערן (1—10 אויגוסט 1916) זענען מיר געווען פערטרעטען דורך די חברים חאַזאַנאָוויטש און קאַפּלאַנסקי. חאַזאַנאָוויטש איז געווען אין דער ארגאַניזאַציאָנס־קאָמיסיע, קאַפּלאַנסקי אין דער פּאָליטישער קאָמיסיע, אין וועלכער ער איז געווען איינער פון די סעקרעטאַרען (מיט מעקדאָנאַלד און גרומבאַך). אונזערע דעלעגאַטען האָבען געהאַט געניג איני־סטרוקציעס פון דער סטאָקהאָלמער פאַרבנדס־באַראַטונג, וואָס האָט דאָמאָלס פאָר־ענדיגט איהר ערשטען טייל, דאָרט האָבען מיר פאָרגעלייגט אַ שורה פון ענדערונגען צום סטאַטוט און אין איינעם פראָיעקט פון דער פרינציפּיעלער הקדמה. די דאָ־זיגע החלטות פון דער בעראַטונג זענען באַקאַנט אונזערע חברים פון די קאָמוניקאַ־טען פונ'ם פאַרבאַנדס־ביוראָ.

די קאָנפערענץ האָט זיך געאייניגט אויף די קאָנקרעטע פאָרשלאָגען בנוגע דער רעוויזיע פון די שלום־טראַקטאַטען מיט דייטשלאַנד און עסטרייך, אין דעם גייסט פון נאַציאָנאַלען זעלבסט באַשטימונגס־רעכט און

אינטערנאציאנאלער פֿארשטענדיגונג בנוגע די עקאנאמישע פּראבלעמען. אבער אין דער אלגעמיינער קריטיק פֿונ'ם ווערסאילער „שלום"־טראקטאט זענען זיך די צוויי־ריכטונגען פֿון דער קאנפֿערענץ פֿאנאנדערגעגאנגען. די רעזאלוציע רענאדעל האט געלענט מעהר געוויכט אויף דער „לאיאלער דורכפֿיהרונג" פֿונ'ם טראקטאט דורך דייטשלאנד. די רעזאלוציע לאנגע־הילפֿערדינג האט כאראקטעריזירט דעם טראקטאט אלס א אימפעריאליסטישען שלום, געראטען אין דעם וואס דייטשלאנד וואלט דיקטירט נאך א נצחון. מיר האבען געשטימט פֿאר דער רעזאלוציע לאנגע־הילפֿערדינג. גראד אזוי אין דער פֿראגע פֿונ'ם „פֿעלקערבונד". מיר זענען געוועז אבער איזאלירט אין אונזער אבסאלוט נעגאטיווער שטעלונג צו דער נייער אימפעריאליסטישער אליאנץ. אויך די לינקע פארטייען אין ליוצערן האבען זיך געשטעלט אויפ'ן שטאנדפונקט, אז דער נייער איבערנאציאנאלער ארגאן פֿון די רעגירונגען איז צו בעהאנדלען ווי די שטאטליכע בירגערליכע אינסטיטוציעס — מען מוז זיי בעקעמפֿען, כדי אריינצודרינגען אין זיי און זיי צו רעפֿארמירען.

צו די נאציאנאל־טעריטאריאלע פֿראגען איז אנגענומען געווארען איין רעזאלוציע. אונזערע דעלעגאטען האבען אונטערשטריכען אין דער דיסקוסיע, אז די גרעניצען צווישען די נייע נאציאנאלשטאטען מוזען געפֿיהרט ווערען לויט די עטנאגראפֿישע גרעניצען און אויפ'ן יסוד פֿון פֿרייער פֿאלקס־אבשטימונג און אז דער פּרינציפּ פֿון נאציאנאלען זעלבסטבאשטימונגס־רעכט מוז געפֿונען זיין דערגענצונג אין דעם פּרינציפּ פֿון דער פֿרייער פעדעראציע און פֿון אינטערנאציאנאל גאראנטירטע רעכט פֿון די נאציאנאלע מיעוטים. דער הויפטקאמף פֿון די ריכטונגען האט זיך אבגעשפּילט ארום דער רעזאלוציע בנוגע דער אינטערווענציע אין רוסלאנד. אזוי איז מען געווען איינינג אינ'ם פּראטעסטירען געגען דער בלאקאדע און ארייגמישונג מצד די אליאירטע אין דעם רוסישען בירגערקריעג, אבער די רעזאלוציע האט געשטעלט דערביי פֿיער שאלות צו דער ראטען־רעגירונג (ווי למשל, צי זי איז גרייט איינצושטעלען די רדיפֿות געגען די סאציאליסטישע פּארטייען, צונויפֿצורופֿען א קאנסטיטואנטע, צו אקצעפּטירען דעם „פֿעלקערבונד", אדער דעם אינטערנאציאנאל אלס בורר דעם צווישען איהם און די ראנד־שטאטען...) וואס וואלטען אונמעגליך געמאכט יעדען משא־ומתן פֿון דער געפּלאנעוועטער אינטערנאציאנאלער קאמיסיע מיט די רוסישע קאמוניסטען. בהסכם מיט אונזער שטאנדפונקט, אז די אינטערעסען פֿונ'ם סאציאליזם פֿארלאנגען די שאפֿונג פֿון איין אינטערנאציאנאל, אז מיר טארען נישט אבשוואכען אונזער פּראטעסט געגען דער אימפעראליסטישער מלחמה געגען רוסלאנד דורך קריטישע וכוחים מיט די קאמוניסטען, האבען מיר צוזאמען מיט דער פֿראנצויזישער מעהרהייט, דייטשע אונאבהענגיגע, דייטש־עסטרייכער און ענגלישע אונאבהענגיגע אבגעווארפֿען די רעזאלוציע רענאדעל, וועלכע איז שפּעטער צוריקגענומען געווארען. מען האט זיך סוף כל סוף געאייניגט אויף א ווירדיגען פּראטעסט געגען דער מלחמה געגען דאס סאציאליסטישע רוסלאנד, ווי אויך שארף פּראטעסטירט געגען דער קאנטערעוואלוציע וואס האט גראד בעת דער קאנפֿערענץ טריאומפֿירט איבער ראטען־אונגארן. די קאנפֿערענץ האט באנייט דעם בערנער באשלוס צו שיקען א שטודיען־קאמיסיע קיין רוסלאנד, אויך מיט'ן צוועק צו פֿארמיטלען צווישען די רוסישע סאציאליסטישע פּארטייען.

ס'איז אנגענומען געוואָרען א פּראָטעסט־רעזאלוציע געגען די פּאגראָמען אין פוילען, ליטא און אוקרינא, ווי אויך אונזער אנטראַג צו שיקען א אינטערנאַציאָנאלע פּאָגראָם־אונטערזוכונגס־קאָמיסיע אין די לענדער מיט אַ באַראָטונג פֿון די סאָציאליסטען פֿון די באטייליגטע פֿעלקער.

ביי דער פֿאָרמולירונג פֿון די פּרינציפּען פֿונ'ם אינטערנאציאָנאַל איז אונז געלונגען דורכצופֿיהרען אונזער פֿאָרשלאג, אז צו די אויפֿגאבען פֿונ'ם סאציאליסטישען אינטערנאציאַנאל געהערט אויך „די פֿארטרעטונג פֿון די אינטערעסען פֿון אונטערדריקטע פֿעלקער און ראַסען" (פּונקט 3); אויך די פּארטרעטונגסרעכט פֿון די מיעוטים אין די נאציאָנאלע סעקציעס זענען לויט אונזער פֿארשלאג, אנגענומען געווארען. מיר זענען נישט דורכגעדרונגען מיט אונזער פֿאָדערונג פֿון א דירעקטען אינטערנאציאָנאלען אָבצאָהל. אויך איז נישט אנגענומען געוואָרען דער פּרינציפּ, אז די החלטות פֿונ'ם קאָנגרעס זענען בינדענד פֿאָר אלע סעקציעס. אבער ס'איז אָנגענומען געוואָרען א פּשרה־נוסח, אז אויב א ארגאניזאציע ווערט אויפֿגעווארפֿען ניט־אכטונג פֿון פּרינציפּען פֿונ'ם אינטערנאציאָנאל, מוז דער אקציאָנס־קאָמיטעט אונטערזוכען די באשולדיגונג און פֿארלייגען דאָס צום קאנגרעס. לויט דעם פּראָיעקט פֿון שטימען־פּארטיילונג האבען מיר נעקריגען צוגעטיילט 4 שטימען, אזוי פֿיל ווי געאָרגיע, ארמעניע, ליטע, קאנאדא, און מיט דער בפירוש'ער מאטיווירונג, אז מען רעכענט זיך דערביי נישט מיט דער גרויס פֿון דער ארץ־ישראל־פּארטיי, נאָר פֿונ'ם וועלטפֿארבאנד.

בנוגע דער אלגעמיינער אָבשאצונג פֿון דער ליוצערנער קאָנפֿערענץ, ווייזען מיר אָן אויף דער רעזאלוציע פֿון דער סטאָקהאלמער בעראטונג.

# נאך ליוצערן.

אין די החלטות פֿון דער סטאָקהאָלמער בעראטונג צו דער פֿראַגע פֿונ'ם אינטערנאַציאָנאל האָבען מיר געזעהן דעם יסוד פֿאַר אונזער ווייטערער ארבייט אויף דעם דאָזיגען געביט. ווייטער פֿיהרען די פּאָליטיק וואָס איז אָנגעהויבען געוואָרען אין בערן און ליוצערן, אינאיינעם מיט די אנדערע לינקע פּאַרטייען שטופּען דעם II. אינטערנאַציאָנאַל אויפֿ'ן וועג פֿון רעוואָלוציאָנערע מעשים און פֿון פֿארשטענדיגונג מיט'ן מאָסקווער אינטערנאַציאָנאַל, איז געווען דער ציל, צו וועלכען מיר האָבען געשטרעבט. אין אַ גאַנצער שורה בריף צום אינטערנאציאָנאלען סעקרעטאַריאַט האָבען מיר ווידער און ווידער דערמאַנט וועגען דער נויטיגקייט, תיכף אויסצופֿיהרען די החלטות פֿון ליוצערן. אין נאָוועמבער האבען מיר פֿאָרגעשלאָגען אָבצוהאַלטען דעם נעפּלאַנטען גענפֿער קאָנגרעס, אנווייזענדיג אלס די וויכטיגסטע אויפֿגאבען, וואס דער אינטערנאציאָנאל מוז דערפֿולען נאָך פֿאר'ן קאנגרעס: 1) פֿאַרהאנדלען אין מעשים די פּראָטעסטען געגען דער בלאָקאַדע און אינטערווענציע אין רוסלאנד. 2) אָרגאניזירען די באשלאָסענע שטודיען־קאָמיסיע קיין רוסלאנד מיט'ן צוועק: א) אויסצופֿארשען די סאָציאַליזירונגספּרובען, די פּעולה פֿון דער ראטען דיקטאַטור, צו זוכען א פֿארשטענדיגונג צווישען ביידע אינטערנאציאָנאַלען און מיטצוהעלפֿען דערגרייכען אַ גערעכטען שלום צווישען סאָוויעט־רוסלאַנד און די

ראַנד־געביטען: 3) צו שיקען קיין דייטשלאַנד די קאָמיסיע, וואָס איז באַשלאָסען געוואָרען נאָך אין אַמסטערדאַם, כדי זיך נעהנטער צו באַקענען מיט'ן קאַמף צווישען די פּראָלעטאַרישע פּאַרטייען אין דייטשלאַנד: 4) צו אָרגאַניזירען לויט'ן ליוצערנער באַשלוס די קאָמיסיע אויסצופאָרשען די פּאָגראָמען, וועלכע זאָל אבער אויך באַקענען זיך מיט'ן נאַציאָנאַלען פּראָבלעם אין מזרח־איראָפּא בכלל און מיט די קאָנפליקטען פֿון די נייע נאַציאָנאַלע שטאַטען.

דער גענפֿער קאָנגרעס איז טאַקע אָבגעלעגט געוואָרען, אבער פֿון אַנ' אַקטיוויטעט אינ'ם אויבען דערמאַנטען זין, קען צום באַדויערען ניט זיין קיין רייד. אחוץ דער פּאָגראָם־קאָמיסיע (זעה אונטען) איז כמעט פֿון דעם אלעמען גאָר גישט געטון געוואָרען. דאָס האָט אונטערגעגראָבען דעם רעשט פֿונ'ם פּרעסטיזש פֿונ'ם צווייטען אינטערנאַציאָנאַל און פֿונ'ם צוטרוי צו איהם ביי די ארבייטער־מאַסען.*)

די אונטעטיגקייט פֿונ'ם צווייטען אינטערנאַציאָנאַל און דער פֿאַקט, אז די וויכטיגסטע פּאַרטייען, מיט וועלכע מיר האָבען זיך פֿריהער געפּרובט קאָאָפּערירען צוליב דער רעוואָלוציאָנירונג פֿונ'ם II. אינטערנאַציאָנאַל: דייטשע אומאבהענגיגע, פראַנצויזישע פּאַרטיי, אומאבהענגיגע אַרבייטער־פּאַרטיי אין ענגלאַנד זענען פֿון איהם ארויסגעטרעטען, האָט נישט געקענט בלייבען אָהן אַ השפּעה אויף אונזער שטעלונג. נישט איבער־רייסענדיג אָפֿיציעל די באַציהונגען מיט'ן II. אינטערנאַציאָנאַל, האָבען מיר געזוכט צו בלייבען אין קאָנטאַקט מיט די דערמאַנטע פּאַרטייען און צו שטיצען זייער אַקציע, וואָס וויל שאַפֿען א רעוואָלוציאָנערען אינטערנאַציאָנאַל דורך אַ פֿאַרייניגונג פֿון אַלע רעוואָלוציאָנער־סאָציאַליסטישע פּאַרטייען מיט'ן מאָסקווער אינטערנאַציאָנאַל. אין דעם זין האָבען מיר מינדליך און שריפֿטליך פֿאַרהאַנדעלט מיט די דייטשע אומאבהענגיגע און זיך געווענדעט מיט צירקולאַר־בריף צו די אויבען דערמאַנטע פּאַרטייען און דער שווייצער פּאַרטיי. מיר האָבען אויך באַשלאָסען צו געבען אַ פֿולמאַכט דעם צ. ק. פֿון דער איד. סאָצ. דעמ. ארב.־פּאַרטיי פּועלי־ציון אין רוסלאַנד צו פֿאַרטרעטען דעם פֿאַרבאַנד מיט אינפֿאָרמאַציע־צוועקען ביים צווייטען צוזאַמענ־פֿאָהר פֿונ'ם דריטען אינטערנאַציאָנאַל און מודיע צו זיין וועגען דעם, דעם ע. ק. פֿונ'ם III. אינטערנאַציאָנאַל.

## אונזערע באַציהונגען צו דער ציוניסטישער וועלטאָרגאַניזאַציע.

אונזער פֿאַרבאַנד געהט ביז איצט אַריין אַלס אַ זעלבשטענדיגע פֿעדעראַציע אין דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע אויפֿ'ן יסוד פֿון די החלטות פֿון אלע ביזאיצטיגע וועלטקאָנפֿערענצען. די פֿערטע וועלט־קאָנפֿערענץ איז געבליבען ביי דעם באַשלוס פֿון דער צווייטער, אז די דעמאָלדיגע רוסלענדישע פּאַרטיי זאָל ביז צו דער ענדגילטיגע החלטה פֿון דער פינפטער וו. ק. בלייבען פֿאַר זיך מחוץ דער ציוניס־טישער אָרגאַניזאַציע.

צום לעצטען ציוניסטען־קאָנגרעס אין ווין (1913) איז אונזער דעלעגאַציע געקומען מיט קלאָרע דירעקטיווען פֿון דער וועלט־קאָנפֿערענץ בנוגע די וויכטיגסטע

---

*) נאָך אים אָקטאָבער 1919 איידער סאיז באַשטימט געוואָרען אבצולעגען דעם קאָנגרעס האָבען מיר פֿאָר־געלעגט דעם אינטערנאַציאָנאַלען ביוראָ, ארייפֿצושטעלען אויפֿ'ן סדר היום די עמיגראַציע־פֿראַגע. דער פֿאָרשלאָג איז אָנגענומען געוואָרען.

פּראגען, זי האָט געקעמפּט געגען דער טענדענץ, צו פּארוואנדלען דעם ציוניזם אין א מין ריינער קולטור־אונטערנעמונג, צו דערזעצען די קאָלאָניזאטאָרישע ארבייט דורך אַנ׳אוניווערזיטעט אין ירושלים. זי האָט אויך ענערגיש געקעמפּט פאַר דער אבהיטונג פון די פּרינציפּען פון׳ם נאציאָנאלפאָנד און פּראָטעסטירט געגען די פּרובען, צו באַנוצען זיינע מיטלען געגען די קלאָרע באשטימונגען פון׳ם סטאטוט פאַר פּריוואטען קרעדיט (הייזער־הלואה פאַר תל־אביב. אַגראַר־קרעדיט, הלואות פאַר פּריוואטע ערד־קניות) זי האָט דורכגעזעצט דעם בעשלוס אז דער קאָאָפּעראַטיווער פאָנד זאָל פאַרגרעסערט ווערען און פינאנצירען אויך אַרבייטס־קאָאָפּעראַציעס (ארטיעלען).

נאָכ׳ן קאָנגרעס איז געשטאַנען פאַר׳ן פּ. ב. די פראַגע וועגען אַ פאַרטרעטונג אינ׳ם ציוניסטישען אקציאָנס־קאָמיטעט. ביז דעמאָלט זענען אָפט געמאַכט געוואָרען פאָרשלאַגען צו אונזער פראַקציע, צו שיקען אַ פאַרטרעטער און אויך מיט פולע רעכט. די פאָרשלאַגען זענען שטענדיג נישט אָנגענומען געוואָרען, ווייל אונזער פאַרבאַנד האָט נישט געוואָלט נעמען אויף זיך די אחריות פאַר דער אַרבייט און פּאליטיק פון׳ם א. ק.

אויך די פריערע וועלט־קאָנפערענץ האָט געלאָזען די פראַגע אָפען, אָבער אין דער פּראַקטיק האָט דער דאָזיגער מצב געהאַט דעם חסרון, וואָס דאָס פּ. ב. איז נאָר זעהר שוואַך געווען אינפאָרמירט וועגען דער קאָנקרעטער טעטיגקייט פון׳ם א. ק. ובפרט וועגען דער אַרבייט אין א״י. ס׳איז דעריבער אויפגעקומען דער פּלאַן צו שיקען לשם אינפאָרמאַציע אַ פאַרטרעטער אין גרויסען א. ק. מיט בעראַטונגס־רעכט. צו דעם פאָרשלאַג האָבען מסכים געווען די צ. ק.׳ען און די מיטגלידער פון׳ם פּ. ב. (די חברים באָראכאָוו און רעוואוצקי האָבען נישט מיטגעשטימט ביי דער פראַגע.) אויף אונזער פאַרלאַנג זענען צוגעלאָזט געוואָרען פון אונז צוויי פאַרטרעטער מיט בעראַטונגסרעכט, די חברים האַזאַנאָוויטש און קאַפּלאַנסקי, מיט׳ן רעכט, צו בייטען זיך אָב לויט די אומשטענדען.

פאַר דער מלחמה האָבען מיר זיך באטייליגט אין צוויי א. ק.־זיצונגען (יאנואר און יוני 1917). עס איז אונז געלונגען דורכצואוואַרפען אַנ׳אַנטראַג פון׳ם פּלשתינא־אַמט געשטיצט פון נ״פ־דירעקטאָרען, צו געבען פאַר הייזער־בוי אין חיפה אַ קרעדיט אויף גלייכע יסודות ווי בשעתו אין תל־אביב. דער קרעדיט איז באַווילינט געוואָרען בתנאי, אַז די בוי־קלעצער ווערען נ״פ־אייגענטום. אונזער פאַרטרעטער אינ׳ם אויפזיכטס־ראַט פון׳ם קאָאָפּעראַטיווען פאָנד ח. קאַפּלאַנסקי, האָט אין זומער 1914 אינטערווענירט אין א ערנסטען קאָנפליקט צווישער דער קאָאָפּעראַציע מרחביה און איהר אדמיניסטראטאָר אין דער פּראגע פון סעזאָן־ארבייט. דער אויפזיכטס־ראַט האָט זיך געשטעלט אויף דער זייט פון די ארבייטער און דער אגראָנאָם האָט געמוזט פאַרלאָזען זיין שטעלע.

בעת דער לאָנדאָנער קאָנפערענץ איז אונז געמאַכט געוואָרען דער פאָרשלאַג, צו באַטייליגען זיך אינ׳ם גרויסען א. ק. דורך אַ מיטגליד מיט אַ באַשליסענדער שטימע. די סטאָקהאָלמער בעראַטונג האָט אויף איהר ערשטער סעסיע דעם דאָזיגען פאָרשלאָג אָבגעוואָרפען, זי האָט זיך פון איהר זייט אַרויסגעזאָגט אז די ווייטערע באַטייליגונג אינ׳ם גרויסען א. ק. אפילו מיט באַראָטענדיגער שטימע איז נישט געוואונשען און גענעבען

דעם פֿאַרבאַנדס־ביוראָ דעם אויפֿטראַג, דורכצופֿיהרען וועגען דעם אַנ׳אָבשטימונג פֿון די צ. ק.׳ען. מיר האָבען וועגען דעם מודיע געווען דעם ציוניסטישען א. ק.

דעם דאָזיגען אויפֿטראַג האָבען מיר אויכגעפֿיהרט אין נאָוועמבער 1919 (ציר־קולאַר נומער 8).

געענטפֿערט האָבען נאָר די פּאַרטייען אין אַרגענטינע (פֿאַר) פּוילען, מזרח־גאַליציען און טשעכאָ־סלאָוואַקיי (געגען).

בעת דער מלחמה האָבען מיר זיך פֿאַרהאַלטען זעהר קריטיש צו דער פּאָליטיק פֿונ׳ם ציוניסטישען אַקציאָנס־קאָמיטעט. מיר האָבען עס געהאַלטען פֿאַר אַ גרויסען פֿעהלער, וואָס דער א. ק. איז אָפֿיציעל געבליבען אין בערלין און נישט אַריבער־געגאַנגען אין אַ נייטראַל לאַנד.

די פּאָליטיק פֿון פֿאַרשווייגען די טערקישע רדיפות צוליב דיפּלאָמאַטישע טעמים, האָבען מיר נישט געוואָלט מיטמאַכען און זענען געקומען אין קאָנפֿליקט מיט׳ן א. ק. פֿאַר׳ן ברענגען די געשעהענישען אין א״י פֿאַר דער ברייטסטער עפֿענט־ליכקייט. צו אַ שאַרפֿען סכסוך איז עס געקומען צווישען דעם צ. אַ. ק. און דעם פּ. ב. דורך דער פּאַסיווער רעסיסטענץ פֿונ׳ם ערשטען געגען דער אידישער קאָנגרעס־באַוועגונג אין אַמעריקא און געגען דער קלאָרער פּראָקלאַמירונג פֿון די אידישע פֿאָדערונגען בנוגע א״י און די גלות־לענדער. פֿאַר די לעצטע האָט דער אַ. ק. לפּחות אין די ערשטע יאָהרען געהאַט זעהר וועניג פֿאַרשטענדניש, די א״י־פֿראַגע ווידער האָט ער באַטראַכט פֿאַר צו דעליקאַט און געזוכט ווי ווייט מעגליך אויסצומיידען איהר באַהאַנדלונג אין דער פּרעסע, כדי נישט צו רייצען די טערקישע מושלים. ס׳איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז ווען מיר האָבען אין יאָהר 1915 פּובליקירט אין דער יא״ק אַנ׳אַרטיקעל פֿון מאַקס נאָרדוי, וועלכער האָט ברייט פֿאַנאַנדערגעוויקעלט דאָס גאַנצע אידישע פּראָבלעם אין צוזאַמענהאַנג מיט דער מלחמה, האָט דער א. ק. געפּרובט נישט צו דערלאָזען, אַז דער אַרטיקעל זאָל אַריין אין דער פּרעסע, אָבער אָהן ערפֿאָלג.

אויף דער זיצונג פֿונ׳ם גרויסען א. ק. אין האַאַג, (אָנהויב 1916) וואָס איז צו־נויפֿגערופֿען געוואָרען אויף אונזער פֿאַרלאַנג צו האַלטען אַ יאָהרקאָנפֿערענץ, האָבען מיר שאַרף אָנגעגריפֿען די דאָזיגע פּאָליטיק פֿונ׳ם א. ק. זי האָט זיך שפּעטער געענדערט בלויז צום טייל זעהר בהדרגה׳דיג מיט דער אַנטוויקלונג פֿון די געשעהענישען.

## ציוניסטישע ארץ־ישראל־קאָמיסיע.

אַ לאַנגען משא ומתן האָבען מיר אין יאָהר 1918 געהאַט מיט׳ן א. ק. וועגען דער פֿראַגע פֿון אַ פּועלי־ציוניסטישער פֿאַרטרעטונג אין דער ציוניסטישער ארץ ישראל־קאָמיסיע, וואָס איז געשיקט געוואָרען מיט דער הסכמה פֿון דער ענגלישער רעגירונג קיין פּלשתינא כדי צו אָרגאַניזירען די הילפֿס־אַרבייט און צוצוגרייטען די קאָלאָניזאַטאָ־רישע אַרבייט נאָך דער מלחמה (שפּעטערער ועד הצירים). די קאָמיסיע איז באַלד געוואָרען דער צענטער פֿון דער ציוניסטישער אַרבייט אין לאַנד, זי האָט געבעלי־בית׳עוועט מיט אַ בודזשעט פֿון מיליאָנען. די חברים אין א״י האָבען געלעגט גרויס געוויכט אויף אַ פֿאַרטרעטונג אין דער קאָמיסיע כדי צו האָבען אַ קאָנטראָל און אַ השפּעה אויף איהר אַרבייט און אָבצוהיטען די אינטערעסען פֿון דער אַרבייטער־

שאַפֿט. דאָס איז אויך געווען דער שטאַנדפּונקט פֿון די חברים אין ענגלאַנד און אַמעריקאַ. מיר האָבען באַשלאָסען, אַז דער וועלט־פֿאַרבאַנד אַלס אַזעלכער זאָל זיך אין דער דאָזיגער קאָמיסיע נישט באַטייליגען, אָבער מיר האָבען געשטיצט די חברים פֿון די דערמאַנטע לענדער אין זייער וואונש, צו קריגען אַ פֿאַרטרעטונג. די ענגלישע חברים האָבען פֿאַרהאַנדעלט מיט דער פּאָליטישער קאָמיסיע פֿון די ציוניסטען אין ענגלאַנד. פּרינציפּיעל האָט מען מסכים געווען צו דער פֿאָדערונג; דער פֿאָרשלאָג, אַז חבר קאַפּלאַנסקי זאָל פֿאָהרען, האָט נישט געקענט דורכגעפֿיהרט ווערען אויס פּערזענ־ליכע טעמים און אויך דערפֿאַר ווייל זיין באַטייליגען האָט געקענט אויסגעטייטשט ווערען אַלס אָפֿיציעלע באַטייליגונג פֿונ'ם וועלט־פֿאַרבאַנד. ס'איז בכן איבערגעלאָזט געוואָרען די אַמעריקאַנער חברים, צו קלויבען דעם שליח און זיי האָבען באַשטימט דעם חבר זאר. ער האָט אָבער נישט באַקומען דאָס ענגלישע וויזום, ווי ס'האָט געהייסען, דאַפֿאַר, ווייל ער איז אַנ'אַמעריקאַנער בירגער. די חברים אין אַמעריקאַ האָבען געהאַט דעם חשד, אַז דאָ שטעקט א אינטריגע פֿון די דאָרטיגע ציוניסטען. אמת איז אז די אמעריקאַנער ציוניסטען האָבען פּראָטעסטירט נעגען דער באַטייליגונג פֿון פּועלי־ציון אין דער קאָמיסיע. דער א. ק. האָט פּרינציפּיעל מסכים געווען צו אונזער שטאַנדפּונקט, אָבער פּראַקטיש האָט ער דעמאָלט געגען דעם ווילען פֿון לאָנדאָן גאָר נישט געקענט אויפֿטון.

סוף 1918 האָט דר. וויצמאַן אויפֿ'ן יסוד פֿון פֿאַרהאַנדלונגען מיט די חברים אין ארץ ישראל פֿאָרגעלעגט אונז צו שיקען 3 פֿאַרטרעטער אין דער קאָמיסיע. מיר האָבען פֿאַרלאַנגט, אַז די חברים בלומענפֿעלד און שוהט (דער לעצטער איז דעמאָלט געווען אין סטאָקהאָלם) זאָלען תיכף צוגעלאָזט ווערען, דער דריטער פּלאַץ האט נעזאָלט בלייבען רעזערווירט פֿאַר די ענגלישע און אַמעריקאַנער חברים. דאָ האָט מען פּלוצים ערקלערט, אַז די קאָמיסיע מוז קודם רעאָרגאַניזירט ווערען. מיר האָבען שאַרף פּראָטעסטירט געגען דער דאָזיגער פֿאַרשלעפּונג־טאַקטיק. בעת דער ציוניסטישער קאָנפֿערענץ אין לאָנדאָן איז סוף כל סוף באַשלאָסען געוואָרען צו רעאָר־גאַניזירען די קאָמיסיע אויף דעם אופן, אַז זי זאָל באַשטעהן פֿון 12 מיטגלידער, דערפֿון 10 פֿון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, צו צוויי פֿון די פּועלי־ציון און מזרחי, און 7 פֿאָרטרעטער פֿון די אידען אין א״י, פֿון וועלכע לכל הפּחות צוויי זאָלען זיין אַרבייטער־פֿאַרטרעטער.

דער דאָזיגער באַשלוס, וואָס איז אָנגענומען געוואָרען אין מערץ 1919, איז ווידער נישט דורכגעפֿיהרט געוואָרען. דער אמת'ער טעם איז געווען, וואָס פֿון איין זייט האָבען די אַמעריקאַנער ציוניסטען געסטראַשעט, אַז זיי וועלען אויפֿהערען שיקען געלד דער קאָמיסיע, אויב די פּועלי־ציון וועלען קריגען אַזאַ פֿאַרטרעטונג. פֿון דער אַנדערער זייט האָט די קאָמיסיע גופא פֿון א״י אויס פּראָטעסטירט געגען דעם דערמאַנטען באַשלוס. מיר פֿון אונזער זייט האָבען דעם משא־ומתן נישט באַנייט. די טעטיגקייט פֿון דער אַרבייטער־רייגער קאָמיסיע האָט דערווייל געפֿיהרט צו אַזאַ דיסקרעדיטירונג, אַז מיר האָבען נישט געהאַט קיין אינטערעס צו באַטייליגען זיך אין איהר. אַזוי האָט זיך דער ענין ווייטער פֿאַרצויגען. בעת די פֿאַרבאַנדס־באַראַטונג האָט זיך מיט איהר פֿאַרנומען (סוף סעפּטעמבער) אויף איהר דריטער סעסיע, איז באַקאַנט געוואָרען, אַז דער א. ק. האָט באַשלאָסען אַ גרינדליכע רעאָרגאַניזאַציע פֿון דער א״י־קאָמיסיע, זי האָט

געדאַרפֿט באַשטעהן פֿון 11 מיטגלידער, דערפֿון איין פועלי־ציון פֿאַרטרעטער. די באַראַטונג האָט אָנגענומען די דאָזינע רעזאָלוציע: די באַראַטונג מיינט, אַז די פֿאַרטרעטונג פֿונ'ם פֿאַרבאַנד פועלי־ציון אין דער רעאָרגאַניזירטער ציוניסטישער א"י קאָמיסיע איז אונטער געוויסע באַדינגונגען געוואונשען און באַאויפֿטראַגט דאָס פֿאַרבאַנדס־ביוראָ, הערכצופֿיהרען אַן אָבשטימונג פֿון די צענטראַל־קאָמיטעטען אין דער דאָזיגער פֿראַגע. אין דער דאָזיגער אָבשטימונג האָבען זיך די דעלעגאַטען פֿון פוילען נישט באַטיילינט.

אונטער די באַדינגונגען, וואָס ווערען דערמאַנט אין דער רעזאָלוציע איז געווען געמיינט קודם כל אַ הסכם איבער די נאָהענטסטע קאָלאָניזאַטאָרישע אַרביטען, איבער'ן פּראָגראַם פֿון דער קאָמיסיע, ווייטער איבער אַ נעהערינער פֿאַרטרעטונג פֿונ'ם פֿאַרבאַנד.

אָנהויב נאָוועמבער 1919 האָט אונז דער א. ק. אָפֿיציעל מודיע געווען, אַז די רעאָרגאַניזירטע א"י־קאָמיסיע זאָל באַשטעהן פֿון 6 פֿונ'ם א. ק., 3 פֿאַרטרעטער פֿון די אידען אין א"י (געוועהלט פֿונ'ם ועד הזמני אָדער אספת הנבחרים) און צו איינעם פֿון מזרחי און פועלי־ציון.

מיר האָבען פֿאַראַנגט ביים א. ק. דעם אַרבייטס־פּלאַן און דעם ישוב־פּראָגראַם פֿון דער רעאָרגאַניזירטער קאָמיסיע און געשטעלט איהם די פֿאָלגענדע פֿראַגען:

1) מיר רעכענען, אַז איינער פֿון דריי ארץ ישראל'דיגע מאַנדאַטען וועט זיין אַ אַרבייטער־פֿאַרטרעטער. איז דער א. ק. פֿון זיין זייט גרייט משפיע צו זיין אויף די ציוניסטישע גרופען אין דער א"י־דיגע דעלעגירטען־פֿאַרזאַמלונג, אַז ביי דער וואַהל פֿון די קאַנדידאַטען זאָלען זיי שטימען פֿאַר דער פּאַרטיי „אחדות העבודה"?

2) וואָלט די פּאַלעסטינע־קאָמיסיע געווען גרייט זיך צו האַלטען אין דעם פּרינציפּ, אַז אין אַרבייטער־ענינים זאָל זי האַלטען נאָר אין הסכם מיט די געווערקשאַפֿטליכע אָרגאַניזאַציעס פֿון די איד. אַרבייטער אין ארץ ישראל?

3) איז דאָס א. ק. גרייט דאָס נעפּלאַנטע אינפֿאָרמאַציאָנס־ביורא אַזוי איינצוּאָרדנען, אַז די אָרגאַניזאַציע פֿון דער אַרבייטער־איינוואַנדערונג זאָל איבערגעגעבען ווערען די אַרבייטער־ביוראָס (לשכות עבודה), וועלכע ס'האָבען איינגעריכטעט די פּראָפֿעסיאָנעלע פֿאַריינען פֿון די א"י־דיגע אַרבייטער?

4) וויל דאָס א. ק. עפֿענען אַ אַרבייטער־רעסאָרט אין דער א"י־קאָמיסיע, וועלכע זאָל זיך פֿאַרנעמען מיט אַלע ענינים וואָס געהען־אָן די אַרבייטער־שאַפֿט און די לייטונג פֿון דעם רעסאָרט זאָל מען איבערגעבען דעם פֿאַרטרעטער פֿונ'ם פועלי־ציון־פֿאַרבאַנד אין דער קאָמיסיע?

סוף נאָוועמבער האָבען מיר מודיע געווזן די צענטראַל־קאָמיטעטען און סעקרעטאַריאַטען דעם מצב פֿון דעם דאָזיגען ענין און געבעטען אבצוגעבען זייערע שטימען פֿאַר אָדער געגען דער באַטיילינונג פֿון אונזער פֿאַרבאַנד אין דער ציוניסטישער א"י־קאָמיסיע.

דער רעזולטאַט פֿון דער אָבשטימונג איז פֿאָלגענדער: נעגען האָט געשטימט פוילען, אַמעריקע און ענגלאַנד פֿאַר, טשעכאָ־סלאָוואַקיי און גאַליציען פֿאַר אונטער די באַדינגונג, וואס זענען פֿאָרמולירט געוואָרען פֿונ'ם פֿאַרבאַנדס־ביוראָ.

# ציוניסטישע קאָנפֿערענץ אין לאָנדאָן.
## (פֿעברואַר—מערץ 1919.)

סוף 1918 האָט דער ציוניסטישער פּאָליטישער קאָמיטעט אין לאָנדאָן צונויפֿגערופֿען אַ קאָנפֿערענץ פֿון די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס פֿון די אַליאירטע און נייטראַלע לענדער. דאָס פֿ. ב. האָט זיך נישט לייכט אנטשלאָסען, צו באַטייליגען זיך אין דער דאָזיגער קאָנפערענץ. אַלע דעמאָלט אַקטיווע מיטגלידער פֿונ'ם פֿ. ב. (האַזאַנאָוויטש, לאָקער, קאַפּלאַנסקי, שוהט) זענען אפילו געווען איינ׳ג דעריך, אַז אין אַנ'אָרדענטליכען צוזאַמענפֿאָהר פֿון דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע דאַרפֿען מיר זיך, אַלס אַ טייל פֿון דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע, יאָ באַטייליגען. אָבער מיר האָבען נישט געוואָלט דערלאָזען דערצו, אַז אַ קאָנפֿערענץ פֿון ציוניסטישע נאָטאַבלען, דערצו נאָך נישט פֿון אַלע לענדער, זאָל אוזורפּירען פֿאַר זיך דאָס רעכט פֿונ'ם ציוניסטישען וועלט־קאָנגרעס. אונזער ערשטע קאָנקרעטע פֿאָדערונג איז געווען, אַז די קאָנפֿערענץ זאָל צונויפֿגערופֿען ווערען אויפֿ'ן יסוד פֿון די באַשטימונגען וועגען דער ציוניסטישער יאָהר־קאָנפֿערענץ (קליינער קאָנגרעס) און אַז די קאָנפֿערענץ זאָל אָבגעהאַלטען ווערען אין אַ נייטראַל לאַנד, כדי אויך פֿאַרטרעטער פֿון עסטרייך און דייטשלאַנד זאָלען קענען קומען. וועגען דעם צווייטען פּונקט האָט דר. ווייצמאַן נעענפֿערט, אַז די פֿיהרענדיגע ציוניסטען וואָס געפֿונען זיך אין לאָנדאָן און פּאַריז, קענען נישט אַוועקפֿאָהרען ביי דער פּאָליטישער סיטואַציע. די ענגלישע רעגירונג האָט אָבער געגעבען וויזומס פֿאַר פֿאַרטרעטרע אויס די אַמאָליגע עסטרייכישע לענדער, אַזוי אַז פֿאַקטיש האָט נאָר די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע פֿון דייטשלאַנד נישט געקענט שיקען אַ דעלעגאַציע קיין לאָנדאָן.

די דעלעגאַציע איז באַשטאַנען פֿון די פֿאָלגענדע חברים: קאַפּלאַנסקי און שוהט (געשיקט פֿונ'ם פֿ. ב.) סירקין (אַמעריקא) מייער, ראַמאַנאָווסקי, פּאָמעראַנץ, טויק, טרויב (ענגלאַנד). די א"י־דעלעגאַטען, האָבען נישט געקאָנט קומען. דעריבער איז די דעלעגאַציע קאָמפּלעטירט געוואָרען אויף 8 (אויף דער צאָהל האָבען מיר געהאַט אַ רעכט) דורך פֿאַרטרעטער פֿונ'ם ענגלישען צ. ק.

אונזער דעלעגאַציע האָט ביי אַלע פּונקטען געהאַט צו פֿיהרען אַ שאַרפֿען קאַמף. ביים באַריכט איבער די פּאָליטישע פֿאַרהאַנדלונגען פֿונ'ם לאָנדאָנער ציוניסטישען ביוראָ איז זי אַרויסגעטרעטען מיט אַ שאַרפֿער קריטיק, קודם כל פֿון פֿאָלגענדע פּונקטען:

1. דער מעמאָראַנדום מיט די ציוניסטישע פֿאָדערונגען צום דער שלום־קאָנפֿערענץ איז אויסגעאַרבעט געוואָרען אין לאָנדאָן אָהן דער הסכמה פֿון דער גאַנצער באַוועגונג — אהוץ די אמעריקאַנער ציוניסטען; און איז איבערגעגעבען געוואָרען נאָך פֿאַר דער קאָנפֿערענץ. אונזער דעלעגאַציע האָט דערקלערט אַז זי נעמט פֿון זיך אַראָב יעדען אחריות פֿאַר דעם דאָקומענט און אַז מיר וועלען ביי דער פֿאָרמולירונג פֿון אונזערע פֿאָרשלאַגען וועגען א"י זיך אויך נישט רעכענען מיט דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע.

2. אלס מזרח־גרעניץ פֿונ'ם לאַנד איז פֿאַרלאַנגט געוואָרען אינ'ם מעמאָראַנדום א ליניע צו מערב פֿון דער העדושאַס־באַהן. דערמיט האָט זיך די ציוניסטישע דיפּלאָ־

מאַטיע אָבגעזאָגט פֿונ׳ם מזרח־טייל פֿון עבר־הירדן און פֿונ׳ם חורן. אין לאָנדאָן איז דאָס אַפֿילו מאָטיווירט געוואָרען דערמיט, אַז דאָס איז נויטיג צוליב דער פֿאַרשטענדיגונג מיט די אַראַבער. אָבער אינ׳ם מעמאָראַנדום נופא פֿעהלט דער וויכטיגער אַרגומענט. מיר אַליין זענען געווען פֿאַר דער אינטערנאַציאָנאַליזירונג פֿון דעם אויבינען טייל פֿון דער באַהן.

3. אין מעמאָראַנדום איז נישט פֿאָרמולירט געוואָרען די פֿאָדערונג פֿון נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע פֿאַר אַראַבער און אידען אין ארץ ישראל. פֿאַרקעהרט די שול־ענינים זאָלען אַרויסגענומען ווערען פֿון דער זעלבסטפֿאַרוואַלטונג פֿון די א״י אידען.

4. אין מעמאָראַנדום געפֿונט זיך אנ׳אַלגעמיינע פֿאָדערונג פֿון לאַנד־רעפֿאָרם, אָבער נישט פֿון נאַציאָנאַליזאַציע פֿון דער ערד, איבערגעבען די פֿרייע ערד א לאַנד־פֿאָנד פֿאַר קאָלאָניזאַציע, עקספּראָפּריאַציע פֿונ׳ם גרויסען ערד־באַזיץ א. א. וו.

5. ער אַנטהאַלט גאָר נישט וועגען סאָציאַל־פּאָליטישע געזעצגעבונג, בפרט וועגען אַ געזעצליכען מינימאַל־לוין פֿאַר אַלע אַרבייטער אין לאַנד.

6. וועגען די אידען אין גלות ווערט אין דעם מעמאָראַנדום געזאָגט, אַז זיי דאַרפֿען געניסען פּאָליטישע און בירגערליכע רעכט. וועגען נאַציאָנאַלע רעכט איז נישט דערמאַנט געוואָרען. דאָס איז פֿון אונזער דעלעגאַציע אויפ׳ן שאַרפֿסטען אופן אָנגעגריפֿען געוואָרען.

אונזער דעלעגאַציע האָט אין דער קאָמיסיע, וואָס האָט אריינגעבראַכט אויסבע־סערונגען אינ׳ם מעמאָראַנדום קיין פֿאַרטרעטער נישט געשיקט. אין דער לאַנד־פֿראַגע האָבען מיר — אלס רעזולטאַט פֿון די וכוחים איבער די ישוב־מעטאָדען — געהאַט אַ ערפֿאָלג. ס׳איז אריינגענומען געוואָרען די פֿאָדערונג, אז ערד וואָס געפֿינט זיך נישט אין פריוואַטען באַזיץ זאָל איבערגעגעבען ווערען אַ אידישען לאַנד־פֿאָנד פֿאַר קאָלאָ־ניזאַטאָרישע צוועקען מיט נעהערינע גאַראַנטיעס פֿאַר די אַראַבישע פעכטער; ווייטער איז אָנגענומען געוואָרען אין פרינציפּ די פֿאָדערונג פֿון עקספּראָפּריאַציע פֿונ׳ם גרויסען ערד־באַזיין צו ערד־מקחים ווי פֿאַר דער מלחמה.

אין דער פֿראַגע פֿון נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע האָט די קאָנפֿערענץ דעסאַוואו־אירט די פֿיהרערס, פּראָקלאַמירענדיג די פֿאָדערונג פֿון נאַציאָנאַלע רעכט אין די גלות־לענדער.

א זעהר אקטיווען אנטייל האָט אונזער דעלעגאַציע גענומען אין דער קאמיסיע פֿאַר קאָלאָניזאַציע־פֿראַגען. דער קאמף וואס איז אנגעגאנגען אין דער קאמיסיע און שפּעטער אינ׳ם פלענום, איז געווען זעהר כאראקטעריסטיש פאר דער פֿאַרשאַר־פֿונג פֿון די סתירות צווישען די בירגערליכע און פּראָלעטארישע עלעמענטען אינ׳ם ציוניזם, ווי אין ארץ־ישראל, וואס מעהר די ישוב־ארבייט קאָנקרעטיזירט זיך. מיר האָבען פארטרעטען אין דער לאַנד־פֿראגע די קלאָרע פֿאָדערונג פֿון נאציאנאליזאציע און פֿון קאנפֿיסקאציע פֿון די לאטיפונדיעס פֿאר קאלאניזאציע צו ערד־פרייזען ווי ביים אנהויב מלחמה. קיין ערד טאָר נישט געקויפֿט ווערען דורך פריוואטע באזיצער. די בורזשואזע עלעמענטען געפֿיהרט פֿון די מזרחי, א״י קאָלאָניסטען און האזרה־לייט האבען ענערגיש באקעמפֿטביידע פרינציפּען. די פּרינציפּיעלע פֿראַגען פֿון נאציא־נאליזאציע איז איבערגעלאָזט געווארען ביז צום קומענדיגען קאָנגרעס. די אנגענומענע החלטות האבען מיר שוין דערמאַנט. אין דער אַרבייטער־פֿראַגע זענען גראָד

אזוי געשטאנען איינע געגען דעם אנדערן די קאפּיטאליסטישע און פּראָלעטארישע עלעמענטען. א טייל בירגערליכע ציוניסטען פֿארמאכען די אויגען פֿאר די פאקטען און ,ווילען נישט גלויבען' אז אידישע אונטערנעמער וועלען נישט באשעפֿטיגען קיין אידישע ארבייטער. די א״ידיגע קאָלאָניסטען האָבען ארגומענטירט מיט דער רענטאביליטעט פֿונ׳ם פּריוואטען קאפּיטאל און פּראָפּאגירט די מערקווירדיגע טעאריע, אז מען זאָל זיי צאָהלען פֿון נאַציאָנאלע מיטלען דעם הילוק צווישען די אידישע און אראבישע שכירות. ס׳פֿארשטעהט זיך, אז מיר האָבען זיך אָבגעזאָגט אפילו צו דיסקוטירען אַזעלכע מעטאָדען. אַ טייל ציוניסטען האבען אָפֿען מודה געווען זייער ריין קאפּיטאליסטישען אונטערנעמער־שטאַנדפּונקט. מיר האָבען פֿאָרמולירט אונזערע לעזונגס־מעטאָדען אין אַ שורה פֿון פֿאָרשלאָגען וועגען באזעצען זעלבסטארבייטענדע קאלעקטיווע אדער איינצעל־פּעכטער, וועגען א געזעץ פֿון מינימאל־שכירות, וועגען פֿינאנצירונג פֿון ארבייטס־ און פּארט־קאָאָפּעראציע. אין דער קאמיסיע זיינען מיר נאך שווערע קאמפֿען דורכגעגאנגען, די קאָנפֿערענץ האָט די דיסקוסיע נישט פֿארענדיגט און אבגעלייגט די אבשטימונג. אין דער פֿראגע פֿון עפֿענטליכע ארבייטען האבען מיר געגען דעם שטאנדפּונקט פֿון פּריוואט־אונטערנעמער דורכגעזעצט דעם פּרינציפּ פֿון נאַציאָנאלען אייגענטום פֿון אלע עפֿענטליכע ניצליכע אונטערנעמונגען און זייער דורכפֿיהרונג בעיקר דורך ארבייטס־קאָאָפּעראַציעס. אין דער איינוואנדערונגס־פֿראגע האָט די קאנפֿערענץ זיך געשטעלט אויף אונזער שטאַנדפּונקט פֿון אבסאָלוטער פֿרייהייט פֿון אימיגראציע. דאס דארף אונז נישט פֿארשטעלען דעם פֿאקט, אַז ס׳זענען דא געוויסע איינפֿלוסרייכע ציוניסטען וואָס רעדען וועגען ,רעגולירונג' צוליב עקאָנאָמישע טעמים און מיינען דעם קאָנטראָל צוליב פּאָליטישע. אין דער קולטור־פֿראגע איז די דיסקוסיע געגאנגען וועגען דער אָרגאניזאַציע פֿון די א״י־דיגע שולען: מיר האָבען אבגעגעבען א ערקלערונג, אז מיר באטראכטען די שול־פֿראגע פֿאר א אויטאנאמען ענין פֿון די אידען פֿון א״י און באטראכטען עס נישט פֿאר דער אויפֿגאבע פֿון דער ציוניסטישער אָרגאניזאציע (אדער פֿון דעם געפּלאנעוועטען אידישען ראט) אריינ־צומישען זיך אין ערציהונגס פֿראגען.

## אידישע קאָנגרעס־באַוועגונג.

אין אַמעריקע, דעם איינציגען לאנד מיט אַ גרויסען אידישען מאסען־ישוב, וואָס איז בעת דער וועלט־מלחמה געבליבען פֿארשוינט פֿונ׳ם חורבן, איז געבוירען געווארען דער געדאנק פֿונ׳ם אידישען קאנגרעס, דער פֿרייוויליגער, דעמאקראטישער געוועהלטער רעפּרעזענטאציע פֿון די אלע שיכטען פֿונ׳ם אידישען פֿאָלק פֿאר׳ן קאמף פֿאר זייער בירגערליכע און נאציאָנאלע רעכט, פֿאר׳ן עקאנאמישען ווידער־אויפֿבוי אין די מלחמה לענדער, פֿאר׳ן אויפֿבוי פֿון א״י. אונזערע חברים זענען געווען די ערשטע, וואָס האָבען געוואָרפֿען די לאָזונג אין די מאסען און זיי האָבען געפֿיהרט דעם קאמף פֿאר איהם ביז צום נצחון געגען דער פֿאָלקספֿיינדליכער פּלוטאקראטי, געגען דער פּארטיי־ענגהערציגקייט און נאציאנאלער חלשות־דיגקייט פֿונ׳ם בירגערליכען ציוניזם, געגען דער האלב־אסימילאטאָריש־בונדיסטישער קלייזעל־

פּאַליטיק. דער דאָזיגער קאמף וועט בלייבען איינער פון די שענסטע בלעטער אין דער געשיכטע פון אונזער באוועגונג.

אויך אין די אנדערע לענדער אין קאנאדא, ארגענטינא, רוסלאנד, אוקראינא טשעכיע זענען אונזערע חברים געווען די איניציאטאָרען פון דער קאנגרעס-באוועגונג און האָבען געשטרעבט אבצוהיטען איהר ריינקייט אין איהר דעמאָקראַטישען פאָלקס-כאראקטער און געקעמפט געגען יעדער פארפאלשונג פונ'ם קאנגרעס-געדאנק דורך פארשידענע סוראגאטען, ווי פון די פארטייען איינגעזעצטע נאציאנאלראטען וכדומה.

די לאָגיק פונ'ם קאנגרעס-געדאנק אין די איינצעלנע לענדער און די קאנקרעטע נויטווענדיגקייטען, וואס זענען ארויסגעוואקסען אויס דער וועלט-מלחמה, האבען געבוירען דעם געדאנק פונ'ם אידישען דעמאקראטישען וועלטקאָנגרעס, וואס זאל זיין דער ברען-פונקט פון אלע דעמאָקראטישע כוחות אינ'ם אידישען לעבען, דער לעבענדיגסטער אויסדרוק פון דער אלוועלטליכער איינהייט פונ'ם אידישען פאָלק, דער שאַפער און טרעגער פון אלוועלטליכע פאָלקס-אינסטיטוציען פאר עקאָנאָמישער אויפבוי-ארבייט, רעגולירונג פון דער עמיגראציע, קאָלאָניזאציע אין א"י, און פון דער צווייטער זייט די לעגיטימע רעפרעזענטאציע פונ'ם אינטערטעריטאָריאלען אידישען פאָלק כפי די אנדערע נאציעס, דער טרעגער פון די אינטערנאציאָנאל גאראנטירטע רעכט פונ'ם אידישען פאָלק אין א"י און אין די גלות-לענדער.

אויך דעם דאָזיגען געדאנק האָבען די ערשטע ארויסגעטראָגען אין דער אידישער גאס די פועלי-ציון. דאָס פארבאנדס-ביורא האט זייט 1915 אוועקגעגעבען דער קאנגרעס-באוועגונג אסך אויפמערקזאמקייט און ענערגיע. ביים אָנהויב פון דער באוועגונג אין אמעריקע האָבען געשפּילט אַ פיהרענדיגע ראָל צוויי מיטגלידער פונ'ם פ. ב., וואָס זענען דעמאָלט געווען אין אמעריקע, די חברים באראכאוו און קאַפּלאנסקי. ביים אויסארבייטען דאס אקציאָנספּראגראם אויף די קאנווענשאנס אין ראָטשעסטער און אין קליוולאנד, ביי די פערהאנדלונגען מיט די אנדערע פארטייען און אינ'ם קאמף אין דער פּרעס האבען מיר גענומען א שטארקען אנטייל. ה. באראכאוו האט ביז צו זיין אבפאהרען פון אמעריקע נאָך דער רוסישער פעברואר-רעוואָלוציע געדינט דער קאנגרעס-באוועגונג בלב ונפש. אין יאָהר 1916 האט ה. האזאנאָוויטש עטליכע חדשים לאנג זייענדיג אין אמעריקע אקטיוו זיך באטייליגט אינ'ם קאמף פאר'ן קאנגרעס.

דאָס ביוראָ אין אייראָפּא האט מיט אלע כחות געזוכט צו שטיצען דעם קאמף פון אונזערע חברים אין אמעריקע און צו פאפולאריזירען דעם קאָנגרעס-געדאנק אין אנדערע לענדער. די יא"ק איז אין אַ גאָר הויכען מאָס געווען געווידמעט דעם קאנגרעס-געדאנק. אָנהויב 1916 האבען מיר אויף דער האאגער זיצונג פונ'ם גרויסען א. ק. אויפ'ן שארפסטען אופן אָנגעגריפען די פּאָליטיק פונ'ם א. ק. אין דער פראגע, ובפרט זיין טאַקטיק, שטילערהייט צו שטיצען און צו דערמוטיגען די סאבאָטאזש פונ'ם קאָנגרעס-געדאנק מצד די אמעריקאנער ציוניסטען. מיר האָבען אויך דורכגעזעצט, אז דער א. ק. האָט זיך אָבגעזאָגט פון זיין פאסיווער רעזיסטענץ, לכל הפחות כלפי דעם אמעריקאניש- אידישען קאָנגרעס.

זייט 1917 האָבען מיר סיי אין בריף סיי דורך פארהאנדלונגען מיט'ן א. ק. בסדר אונטערגעשטראָכען, אז די ציוניסטישע ארגאניזאציע טאָר נישט נעמען זיך

דאס רעכט, צו רעדען אין נאמען פֿון'ם גאנצען פֿאָלק, און אז פֿאר די גרויסע פאליטישע און עקאנאמישע אויפֿגאבען אין א"י און אין גלות, סיי בעת דעם שלום־קאנגרעס סיי נאָך איהם, וועט מוזען געשאפֿען ווערען א דעמאָקראטישע פֿאָלקס־ארגאניזאציע פֿון די אידען אין אלע לענדער אויף די ברייטסטע יסודות.

די עפֿענטליכקייט און אַפילו די איינענע הברים זענען ווייניג אינפֿאָרמירט וועגען דעם דאָזיגען האַרטען קאמף. ס'וואָלט צו ווייט געפֿיהרט, ווען מיר זאָלען וועלען דאָ דערמאַנען אַלע פרטים. מיר ווילען נאָר זאָגען, אַז אונז איז אויסגעקומען צו ראַנגלען זיך מיט אַ פֿאַרעקשנ'ן פֿאַרשטעדניש־לויזיגקייט. וואָס איז נאָר זעהר פאמעליך שוואַכער געוואָרען, און אויב די לאָנדאָנער ציוניסטישע קאָנפֿערענץ האָט שוין בפירוש פֿאַרלאַנגט, אז דער אידישער וועלט־קאָנגרעס זאָל אנערקאַנט ווערען אלס די אָפיציעלע פעלקער־רעכטליכע רעפרעזענטאַציע פֿון'ם אידישען פֿאָלק בנוגע א"י, אַזוי איז דאָס אין א הויכען מאָס אַ רעזולטאַט פֿון אונזער אַרבייט.

מיר האָבען זיך דעריבער אַזוי אָנגעשטרענגט, גובר צו זיין די מכשולים פֿאַר'ן קאָנגרעס־געדאנק מצד דעם העכסטען אינסטאַנץ פֿון דער ציוניסטישער באַוועגונג, ווייל מיר זענען געווען איבערצייגט, אַז נאָר אָבראָמענדיג דעם דאָזיגען אבן נגף, קענען מיר פֿריי מאַכען דעם וועג פֿאַר'ן אידישען וועלט־קאָנגרעס, די באַדייטונג פֿון'ם ציוניזם און פֿון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע איז בעת דער מלחמה אַזוי שטאַרק געוואָרען, אז לכל הפחות אין אלע פֿראגען, וואָס טראָגען אנ'אַלוועלטליכען כאַראַקטער, קען מען די ציוניסטישע אָרגאַניזאציע באַטראַכטען אלס די פֿאַרטרעטערין פֿון'ם אידישען מיטעלערן און קליינעם בירגערטום.

אין נאָוועמבער 1918 האָבען מיר דעם אַקציאָנס־קאָמיטעט געמאַכט דעם קאָנקרעטען פֿאָרשלאָג, צו געמען אויף זיך די איניציאַטיווע צונויפֿצורופֿען דעם איצטיגען וועלט־קאָנגרעס. מיר זענען געווען גרייט, צו חתמ'ענען אינאיינעם מיט'ן אַ. ק. די איינלאַדונג צום קאָנגרעס. די פֿערהאַנדלונגען אָבער האָבען צו קיין רע־זולטאַט נישט געפֿיהרט. חוץ אַלעמען איז די פֿיזישע מעגליכקייט, פֿאַר די וואַהלען און פֿאַר'ן צונויפֿקומען פֿון'ם קאָנגרעס נאָך נישט פֿאַרהאַן געווען. אַלס אַ סוראָגאַט איז ווי באקאָנט צונויפֿגעקומען זיך די קאָנפֿערענץ פֿון די יודישע דעלעגאַציעס אין פּאַריז, אין וועלכער מיר האָבען זיך נישט באַטיילינט.

ערשט אין משך פֿון'ם יאָהר 1919 האָבען זיך אַרויסגעוויזען געגנערישע טענדענצען בנוגע דעם אידישען וועלט־קאָנגרעס אין אונזערע איינענע שורות. זיי נעמען זיך, פֿאַרשטעהט זיך, נישט פֿון דיזעלבע טעמים ווי ביי אַ טייל בירגערליכע ציוניסטען. די געגנערשאַפֿט צום אידישען וועלט־קאָנגרעס איז ביי אַ טייל פֿון דער לינקער ריכטונג אין אונזער באַוועגונג אַ רעזולטאַט פֿון איהר אַלגעמיינעם קוק אויף דער פֿראַגע: דעמאָקראַטיע און פּאַרלאַמענטאַריזם. די סטאָקהאָלמער באַראַטונג האָט באַשלאָסען אַרויפֿצושטעלען די פֿראַגע וועגען דעם אידישען וועלט־קאָנגרעס אויפֿ'ן סדר היום פֿון דער וועלט־קאָנפֿערענץ.

## אידישע ארבייטער־צוזאמענפֿאהרען.

וואָרפֿענדיג אין די מאסען די לאָזונג פֿון'ם אלגעמיינעם אמעריקאניש־אידישען קאָנגרעס, איז פֿאַר אונזערע הברים אין אַמעריקע געווען קלאר פֿון דער ערשטער

מינוט אָן, אז ס׳דאַרפֿען געמאַכט ווערען אַלע אנשטרענגונגען, כדי צו שאַפֿען אַן איינהייטליכען ארבייטער־פֿראָנט און דער אָידישער פּראָלעטאַריאַט זאָל איבערנעמען די פֿיהרונג פֿון דער באַוועגונג און אַרויפֿלעגען אויף איהם זיין איינענעם חותם. אויך אין דעם פּרט האָט די אַמעריקאַנער פּאַרטיי געהאַנדעלט אין פֿולען הסכם און מיט דער אַקטיווער מיטהילף פֿונ׳ם פֿאַרבאַנדס־ביוראָ, וועמעס מיטגלידער באַראַכאָוו און קאַפּלאַנסקי האָבען גענומען אַ גרויסען אנטייל אין די פֿאַרהאַנדלונגען מיט די פֿאַרשידענע אַרבייטער־אָרגאַניזאַציעס. זיי האָבען נאָך גרויסע שווערינקייטען געפֿיהרט צו דער ערשטער אידישער אַרבייטער־קאָנפֿערענץ אין סעפּטעמבער 1915 אויף וועלכע ס׳זענען געווען פֿאַרטרעטען 300.000 די אַרבייטער־קאָנווענשען האָט צום ערשטען מאָל פֿאָרמולירט אַ שותּפֿות׳דיגע מינימום־פּראָגראַם פֿון נאַציאָנאַלער פֿאָדערונג בנוגע א״י און גלות פֿון אַלע ריכטונגען אין דער אידישער אַרבייטער־באַוועגונג.

ס׳איז נישט דאָ דער פּלאַץ צו שילדערן דעם גרויסען קאַמף, וואָס אונזערע חברים אין אַמעריקע האָבען דערנאָך בעת דער גאַנצער מלחמה־צייט געמוזט פֿיהרען מיט די אַסימילאַטאָרישע פֿיהרער פֿון דער אידישער סאָציאַליסטישער פֿעדעראַציע און פֿון אַ טייל טרייד־יוניאָנס, וואָס געפֿינען זיך אונטער זייער השפעה. ס׳איז באַקאַנט, אַז אינ׳ם קאַמף געגען דעם געדאַנק פֿון אַ אידיש־דעמאָקראַטישען קאָנגרעס און געגען די ברייטע נאַציאָנאַלע לאָזונגען, וואָס אונזער פּאַרטיי האָט געוואָלט אויף איהם דורכפֿיהרען, האָבען זיך ניט איינמאָל געגעבען די האַנד די פּלוטאָקראַטי פֿונ׳ם „אַמעריקאַן דזשואיש קאָמיטע״ די בעלי בתישע ציוניסטען און די גייסטיגע קרובים פֿונ׳ם „בונד״ אין אַמעריקע. אַזוי האָבען אונזערע חברים געמוזט אַרויסטרעטען אויס׳ן „נאַציאָנאַלען־אַרבייטער־קאָמיטעט״, דער געוועהלטער עקזעקוטיווע פֿון דער אַרבייטער־קאָנפֿערענץ, וועמעס אַסימילאַטאָרישע מעהרהייט ס׳האָט סאַבאָ־טירט איהרע החלטות. צווייטמאָל האָט דערנאָך אונזער פּאַרטיי אַליין אַפּעלירט צו די מאַסען, צונויפֿרופֿענדיג אין 1917 די נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישע אַרבייטער־קאָנווענשאָן, וואָס האָט פֿאַרטרעטען 150.000 פּאָליטיש און עקאָנאָמיש אָרגאַניזירטע אידישע אַרבייטער און 1918 דעם אַרבייטער־קאָנגרעס פֿאַר א״י, וועלכער האָט פֿאַרטרעטען 250.000 אַרבייטער, דערונטער די צוויי גרעסטע געווערקשאַפֿטען, פֿון די מענער־שניידער („אַמאַלגאַמייטעד״ און פֿון די פֿרויענשניידערס („קלאָוק־מאַכער״).

אין דער גאַנצער צייט איז דאָס פּ. ב. געשטאַנען אין אַ שטענדיגען קאָנטאַקט מיט דער פּאַרטיי אין אַמעריקע און האָט גענומען שטעלונג צו אַלע פֿראַגען וואָס, זענען אויס דעם דאָזיגען קאַמף אַרויסגעוואַקסען. נישט תמיד האָבען מיר געקענט מסכים זיין צו דער פּאָליטיק פֿון די אַמעריקאַנער חברים. בפֿרט האָבען מיר זיך קלאָר אַרויסגעזאָגט געגען דעם, וואָס זייט בערך אָנהויב 1918 האָבען זיי דער באַוועגונג געגעבען לויט אונזער מיינונג אַ צו איינזייטיג א״ידיגען כאַראַקטער, שטע־לענדיג אין אַ זייט דעם קאַמף פֿאַר אונזערע פֿאָדערונגען אין די גלות־לענדער. און מיר האָבען די חברים אויפֿמערקזאַם געמאַכט אויף דעם דאָזיגען פֿעהלער. אָבער בכלל גענומען, מוז דאָס געזאָגט ווערען, אַז קיין פּאַרטיי האָט נישט אויפֿגעטאָן אַזוי פֿיל ממשות׳דיגס פֿאַר׳ן געדאַנק פֿון אַנ׳איבער־פּאַרטייאישער פֿאַרייניגונג פֿון דער אידישער אַרבייטערשאַפֿט אין איהר לאַנד ווי די אַמעריקאַנישע.

דאָס פ. ב. האָט אויך ווי ווייט מעגליך אַקטיוו געשטיצט די טענדענצען צו א פֿאַראייניגונג פֿון די אידישע ארבייטער אין אנדערע לענדער. אין ענגלאנד איז אים זומער 1915 אויפֿ'ן איניציאַטיוו פֿונ'ם פּאַרטרעטער פֿונ'ם פֿאַרבאַנדס־ביוראָ חבר חאַזאַנאָוויטש געגרינדעט געוואָרען דער „ארבייטער־פֿאַרבאַנד פֿאַר אידישע רעכט", אין וועלכען ס'זענען אהיין אנגזער פארטיי אריינגעגאנגען די ס. ט. די בונדיסטען און דער רוב פֿון די אידישע טרייד־יוניאָנס. די פּלאַט־פֿאָרם איז געווען עהנליך דער פּלאַטפֿאָרם פון דער ערשטער ניו־יאָרקער ארבייטער־קאָנווענשאָן: נאַציאָנאַלע רעכט אין די גלות־לענדער און פֿרייע אימיגראציע און קאָלאָניזאציע אין א"י. פֿון דער ערשטער מינוט אָן האָבען אונזערע חברים אין דעם פֿאַרבאַנד געהאט צו פֿיהרען א קאמף מיט'ן קליינעם הייפֿעל בונדיסטען, וועלכער האָט סוף כל סוף אונטער־געגראבען זיין עקזיסטענץ. אין דעם קאמף האט דאס פּ. ב. שטענדיג גע'עצה'ט די חברים צו אַ טאקטיק, וואָס זאָל ניט אָבשטויסען די ניט־פּועליציוניסטישע עלע־עלעמענטע און פֿון דער אנדערע זייט נישט באַדייטען קיין קרבן פֿון די אייגענע פּרינציפּען. אזוי האָבען מיר געוואָרנט די חברים פֿאר'ן אויסנוצען א מעגליכע צופֿעליגע מאַיאָריטעט אויף אַ קאָנפֿערענץ, כדי ארויפֿצואָזוואַרפֿען דעם פֿאַרבאַנד דאָס פּועלי־ציוניסטישע פּראָגראַם. שפּעטער האָבען מיר פּראָטעסטירט געגען דעם, וואָס די חברים האָבען אין אנ'אנדערער סיטואציע זיך אָבגעזאָגט צייטוויליג פֿון יעדען פּונקט וועגען א"י אינ'ם פּראָגראַם פֿונ'ם פֿאַרבאנד, כדי צו דערהאלטען זיין גאַנצקייט. דער „ארבייטער־פֿאַרבאַנד פֿאַר אידישע רעכט" האָט דאן קיין לאנג לעבען מעהר ניט געהאט.

אבער דער געדאַנק פֿון פֿאַראייניגונג האט ווייטער געלעבט אין דער אידישער ארבייטערשאַפֿט און אין 1918 איז געגרינדעט געוואָרען דער אידישער ארבייטער־ראַט אין ענגלאַנד, וועלכער האָט ארומגענומען אונטער דער אנפֿיהרונג פֿון די פּועלי ציון כמעט אַלע אידישע אַרבייטער־אָרגאַניזאציעס. זיין פּלאַטפֿאָרם איז געווען כמעט אַ ריין פּועלי־ציוניסטישע. מיט דער דאָזיגער קערפּערשאַפֿט איז דאָס פּ. ב. געשטאַנען אין זעהר נאָהנטע באַציהונגען. זי האָט אויפֿגעטון אסך אויפֿ'ן געביט פֿון דער אויפֿקלערונגס־אַרבייט איבער דער אידישער פֿראַגע אין דער ענגלישער ארבייטער־באַוועגונג.

זומער 1918 האבען אונז די עסטרייכישע חברים מודיע געווען וועגען דער מעגליכקייט פֿון אַ קאארדינאציע מיט דער איד. סאָצ. דעמ. פּארטיי. מיר האָבען געראָטען די חברים צו שטרעבען צו דער די קאָאָראַניציע אפֿילו זי זאָל ארומנעמען נאָר באַשטימטע קאָנקרעטע פּונקטען, ווי שותּפֿות'דיגע עקאָנאָמישע ארבייט, קאמף פֿאַר נאַצ. רעכט אין עסטרייך א. א. וו. מיר האָבען אבער אונטערגעשטראָכען, אַז אויב אינ'ם שותּפֿות'דיגען אַקציאָנס־פּראָגראַם זאל ניט אריינגעהן א פּונקט וועגען א"י, דאַרף שוין אינ'ם נאָמען פֿונ'ם שותּפֿות'דיגען אָרגאַן זיין בולט, אז ס'האנדעלט זיך נאָר וועגען א קאארדינאציע פֿאַר באַשטימטע צוועקען און נישט וועגען אַנ'אלגעמיינער רעפּרעזענטאציע פֿונ'ם אידישען פּראָלעטאריאט. ס'מוז אויסגעמיידט ווערען אלץ, וואָס קען אויסגעטייטשט ווערען אַלס קרבן אויפֿ'ן חשבון פֿון אונזער פּראגראם. דער פּלאַן איז נישט ארויסגעוואקסען אויס'ן סטאדיום פֿון ערשטער פֿאַר־פֿאַרהאַנד־לונגען (זעה אויך קאַפּיטעל הילפֿס־אַרבייט).

# אידישער אַרבייטער־וועלט־קאָנגרעס.

דער פּלאַן פֿון אַנ'אַלוועלטליכען אידישען אַרבייטער־צוזאַמענפֿאָהר איז אָרגאַניש אַרויסגעוואַקסען אויס דער קאָאָרדינירונגס־באַוועגונג אין די איינצעלנע לענדער און אין צוזאַמענהאַנג מיט דער באַוועגונג פֿאַר אַנ'אַלגעמיינעם אידישען וועלט־קאָנגרעס. אויך דער דאָזיגער געדאַנק איז דאָס ערשטע פּראָקלאַמירט געוואָרען פֿון אונזערע חברים אין פֿאַרשידענע לענדער. דאָס פּ. ב. האָט זיך מיט איהם פֿאַרנומען אין דער גאַנצער מלחמה־צייט און זיך געטיילט מיט זיינע געדאַנקען מיט די צענטראַל־קאָמיטעטען. אין זומער 1917 איז די פֿראַגע אַרומגערעדט געוואָרען אין דער סטאָקהאָלמער דעלעגאַציע וועלכע האָט אָנגענומען אַ פּאָזיטיווע שטעלונג; פֿאַר קאָנקרעטע שריט איז אָבער די צייט נאָך נישט רייף געווען. מיר האָבען געמוזט אָבוואַרטען אַ שעת הכושר אין דער פּאָליטישער וועלט־סיטואַציע, וואָס זאָל בכלל מעגליך מאַכען דאָס צונויפֿרעדען זיך מיט פֿאַשידענע לענדער און קודם כל צו שאַפֿען פֿולע קלאָרקייט און איינהייטליכקייט בנוגע דער פֿראַגע אין אונזער באַוועגונג גופא. דערצו וואָלט נויטיג געווען אַ וועלט־קאָנפֿערענץ, אָדער לכל הפחות אַ ברייטערע באַראַטונג פֿון פֿאַרטרעטער פֿון פֿאַרשידענע לענדער. ווייטער איז פֿאַר אונז קלאָר געווען, אז די איניציאַטיווע צו אַזאַ אַרבייטער־וועלט־קאָנגרעס דאַרף אויסגעהן נישט פֿון אונז אַליין, נאָר מיר מוזען דערפֿאַר געווינען פֿאָראויס די הילף פֿון געהערינען רעפּרעזענטאַטיווען טייל פֿון דער אידישער אַרבייטער־באַוועגונג מחוץ אונזער פֿאַרבאַנד.

אין יוני 1918 האָט דער אידישער אַרבייטער־קאָנגרעס פֿאַר א"י אין אַמעריקע אָנגענומען אַ באַשלוס, צו נעמען אויף זיך די איניציאַטיווע פֿאַר'ן צונויפֿרופֿען אַנ'אַלוועלטליכען אידישען אַרבייטער־קאָנגרעס פֿאַר ארץ ישראל. אין סעפּטעמבער 1918 האָט דער אידיש־נאַציאָנאַלער אַרבייטער־קאָנגרעס אין ענגלאַנד באַשלאָסען, צו זוכען אַ פֿאַרבינדונג מיט אַלע אידישע אַרבייטער אָרגאַניזאַציעס אין אַנדערע לענדער. מיר האָבען אין די החלטות געזעהן אַ יסוד פֿאַר אַ שותּפות'דיגער איניציאַטיווע.

אָנהויב נאָוועמבער 1918 האָבען מיר זיך געווענדט צום עקזעקוטיוו־קאָמיטעט פֿונ'ם אַרבייטער־קאָנגרעס פֿאַר א"י און צום נאַציאָנאַלען אַרבייטער־קאָנסיל מיט'ן פֿאָרשלאַג, צו נעמען אינאיינעם מיט אונז די איניציאַטיווע צונויפֿצורופֿען דעם אַרבייטער־וועלט־קאָנגרעס. מיר האָבען אין זין געהאַט אַ זעהר ברייטע פּלאַטפֿאָרם, וועלכע מיר האָבען אינ'ם צירקולאַר־בריף נום. 10 פֿון נאָוועמבער 1918 פֿאָרמולירט אַזוי:

„ווער וועט דאַרפֿען פֿאָרמולירען די שלום־פֿאָדערונגען פֿונ'ם אידישען פּראָלעטאַריאַט און אויסקלויבען אַ לעגיטימירטע עקזעקוטיווע פֿונ'ם אידישען אַרבייטער־קלאַס וואָס זאָל פֿאַרטרעטען די דאָזיגע פֿאָדערונגען כלפּי דעם אינטערנאַציאָנאַלען סאָציאַליסטען־קאָנגרעס און כלפּי אַנ'אַלוועלטלעכען אידישען קאָנגרעס. דער קאָנגרעס וועט דאַרפֿען באַשליסען וועגען דער שאַפֿונג פֿון שותּפות'דיגע אינסטיטוציעס פֿונ'ם אידישען פּראָלעטאַריאַט אויף דער גאַנצער וועלט פֿאַר דער אַרבייט אין א"י און אין די גלות־לענדער און ווען די פּאַרטייען זאָלען זיך אייניגען, שאַפֿען אַ שטענדיגע קאָנפֿעדעראַציע פֿון אַלע אידישע אַרבייטער־אָרגאַניזאַציעס פֿאַר די שותּפות'דיגע עקאָנאָמישע, קולטורלע און פּאָליטישע אינטערעסען פֿונ'ם אידישען פּראָלעטאַריאַט".

דעם 15 דעצעמבער 1918 ראָבען מיר איבערגעהור'ט אונזער פֿאָרשלאַג צו די דערמאַנטע צוויי קערפּערשאַפֿטען. אין יאַנואַר 1919 האָבען מיר זיי געבעטען, צו שיקען פֿאַרטרעטער פֿאַר פֿאַרהאַנדלונגען אין דער שווייץ, וואו ס'האָט געדאַרפֿט פֿאָרקומען די אינטערנאַציאָנאַלע סאָציאַליסטישע קאָנפֿערענץ. צום באַדויערן זענען ביידע קערפּערשאַפֿטען צו יענער צייט נישט מעהר געווען גענוג אַקטיוו און אונזער פֿאָרשלאַג איז נישט דורכגעפֿיהרט געוואָרען.

די סטאָקהאָלמער באַראַטונג האָט אויף איהר ערשטער סעסיע אָנגענומען וועגען דער פֿראַגע א רעזאָלוציע אין וועלכער זי דריקט אויס די איבערצייגונג „אַז די צייט איז רייף פֿאַר דער קאָאָרדינירונג פֿון די אידישע אַרבייטער־כּחות, כדי צו פֿאַרטעטפֿערן די ספּעציפֿישע אויפֿגאַבען פֿונ'ם אידישען פּראָלעטאַריאַט אויפֿ'ן פּאָליטישען, עקאָנאָמישען און קולטורעלען געביט. די באַראַטונג באַאויפֿטראַגט דאָס פֿאַרבאַנדס־ביוראָ, צו זעצען זיך אין פֿאַרבינדונג מיט די פֿאַרשידענע אידישע אַרבייטער־פּאַרטייען און אָרגאַניזיעס בהסכם מיט אונזערע באַטרעפֿענדע לאַנד־פּאַרטייען, כדי צונויפֿרופֿען אין דער נאָהנטסטער צייט אויף דער ברייטסטער באַזיס אַ אידישען אַרבייטער־וועלט־קאָנגרעס.

די באַראַטונג באַאויפֿטראַגט דאָס פּ. ב. אינ'ם זין פֿון דער אויבערשטער רעזאָלוציע צו ווירקען פֿאַר'ן גערדאַנק פֿון אַ אידישער אַרבייטער־וועלט־אָרגאַניזאַציע נאָך צנ'אָבשטימונג פֿון די צענטראַל־קאָמיטעטען.

די באַראַטונג האָט אויך אַרומגערעדט די פּראַקטישע זייט פֿון דער פֿראַגע. די הערשענדינע מיינונג איז געווען, אַז דער קאָנגרעס זאָל אָרגאַניזירט ווערען דורך אַ פֿאַרשטענדיגונג צווישען אַלע אידישע באַציאַליסטישע פּאַרטייען; אויב אָבער אַזאַ פֿאַרשטענדיגונג וועט זיך אַרויסווייזען פֿאַר נישט מעגליך, זאָל דער קאָנגרעס איינגערופֿען ווערען דורך אַ דירעקטער ווענדונג צו דער גאַנצער אידישער אַרבייטערשאַפֿט אין אַלע לענדער. ס'איז אָבער קלאָר געווען, אַז מיר קענען צוטרעטען צו פּראַקטישע שריט נאָר אין ענגסטען קאָנטאַקט מיט אונזערע צענטראַל־קאָמיטעטען.

אין דעצעמבער 1919 האָבען מיר (אינ'ם צירקולאַר נומ. 10) געבעטען אַלע צענטראַל־קאָמיטעטען צו ענטפֿערן אויף די פֿאָלגענדע פֿראַגען;

1. וועגען דעם מאָדוס, וועלכען זיי האַלטען פֿאַר'ן פּאַסינסטען פֿאַר זייערע לענדער אויף צונויפֿצורופֿען דעם קאָנגרעס;

2. וועגען דער פֿראַגע פֿונ'ם סדר היום; צו איז גלייך, איהם פֿעסטצושטעלען פֿאָראויס און אויב יאָ, וועלכע פּונקטען זאָלען אין איהם פֿיגורירען;

3. צי איז נויטיג צו שאַפֿען אַ פּערמאַנענטע אָרגאַניזאַציע פֿון דער גאַנצער אידישער אַרבייטערשאַפֿט? אויב יאָ, אויף וועלכע יסודות זאָל זי אויפֿגעבויט ווערען און אונטער וואָסערע באַדינגונגען זאָל אונזער וועלט־פֿאַרבאַנד צוטרעטען צו אַזאַ אידישער אַרבייטער־וועלט־אָרגאַניזאַציע.

צום באַדויערן האָבען די לאַנד־פּאַרטייען נישט געגעבען קיין תשובות אויף די דאָזיגע פֿראַגען, אַזוי אַז פֿאַר'ן פּ. ב. איז נישט מעגליך געווען, צו מאַכען קיין שום קאָנקרעטע שריט. דערצו קומט דער נישט געקלערטער מצב אין אונזער באַוועגונג און די חילוקי דעות איבער וויכטיגע פּרינציפּיעלע און טאַקטישע פֿראַגען, וואָס האָבען זיך אין דער גאַנצער שאַרפֿקייט אַרויסגעוויזען נאָך סטאָקהאָלם און צוליב וועלכע מיר

האָבען איינגעזעהן, אַז ס'איז גלייכער, צו וואַרטען מיט דעם דאָזיגען אחריות־פֿולען ענין ביז דער וועלט־קאָנפֿערענץ.

# די אַקציע געגען די פּאָגראָמען

אין אַפּריל 1918 איז פֿאָרגעקומען דער ערשטער פּאָגראָם אין קראָקאָ. ס'איז געפֿאַלען דער ערשטער קרבן. אין עטליכע אַנדערע ערטער פֿון מערב־גאַליציען זענען במעט גלייכצייטיג פֿאָרגעקומען עקסצעסען פֿונם המון אַקעגען די אידען, אויף די באַהנען האָט מען אַנגעהויבען שלאָגען אידען. מיר האָבען דעמאָלט אינסטינקטיוו דערפֿילט, אַז דאָ קענען זיין די ערשטע סימנים פֿון אַ געוואַלטיגען אומגליק, וואָס קען קומען איבער די אידען אין די פּוילישע לענדער מחמת דער אַנאַרכיע און דעמאָראַליזאַציע און דעם אונטערגראָבען אַלע יסודות פֿון דער באַשטעהענדיגער אָרדנונג דורך דער מלחמה. מיר האָבען אָנגעשטרענגט אַלע כחות אויפֿצוטרייסלען די אינטערנאַציאָנאַלע סאָציאַליסטישע עפֿענטליכקייט צו אַ שאַרפֿער פּראָטעסט־אַקציע, וואָס זאָל דערמאָנען דעם פּוילישען אַרבייטער־קלאַס אין זיין חוב, צו קעמפֿען באַצייטענס געגען דער דאָזיגער סכנה. מיר האָבען שוין דעמאָלט אָנגעוויזען אויף דעם אינערליכען צוזאַמענהאַנג פֿונם קאַמף פֿון דער גאַנצער פּוילישער געזעלשאַפֿט געגען די אידען אויפֿ'ן עקאָנאָמישען, פּאָליטישען ובפֿרט נאַציאָנאַלען געביט, פֿון דער שטענדיגער מסירה, אַז די אידען, וואָס פֿאַרלאַנגען נאַציאָנאַלע רעכט זענען שונאים פֿון פּוילען — מיט'ן וואַקסען פֿונם אַנטיסעמיטיזם און זיין שאַרפֿסטען אויסברוך אין דער פֿאָרם פֿון פּאָגראָמען.

נאָך דער מפּלה פֿון די צענטראַל־מלוכות אין אָקטאָבער 1918, איז פֿון זיך אַליין אַרויפֿגעקומען אַ שווערע דאגה וועגען דעם גורל פֿון דער אידישער באַפֿעלקערונג אין די געביטען וואָס זענען ביז איצט געווען אָקופּירט פֿון די דייטשע און עסטרייכישע אַרמעען. ס'זענען געקומען ידיעות אַז נאָכ'ן אוועקגעהן פֿון דער אָקופּאַציע וועט אַנטשטעהען אַ שרעקליכע אַנאַרכיע און דאָס ערשטע קרבן וועט זיין די אידישע מאַסע. אין פּוילען האָט איבערגענומען די מאַכט די נאַציאָנאַל־דעמאָקראַטיע, און פֿון איהר האָט מען געקענט דערוואַרטען אַ פֿאַרשאַרפֿטע נאַציאָנאַלע אונטערדריקונג און אין בעסטען פֿאַל, גלייכגילטיגקייט צו פּאָגראָמען. מיר האָבען דעמאָלט זיך געבראָכען דעם קאָפּ, ווי אַזוי מ'וואָלט געקענט ברענגען צו אַ פֿאָרם פֿון שוץ פֿון דער אידישער באַפֿעלקערונג און אַנדערע נאַציאָנאַלע מיעוטים פֿאַר פֿיזישע רדיפֿות און נאַציאָנאַלע אונטערדריקונג ביז צום פֿאַרפֿעסטיגען זיך פֿון די ניי־אַנטשטעהענדע מלוכות, נישט אָנריהרענדיג דערביי זייער סוּווערעניטעט און דאָס זעלבסטבאַשטימונגסרעכט פֿון דער באַפֿעלקערונג.

גלייכצייטיג מיט די גרויסע רעוואָלוציאָנערע געשעהענישען אין מיטעל־אייראָפּאַ האָבען אָנגעהויבען קומען איוב־בשורות וועגען די פּאָגראָמען אין גאַליציען. ידיעות וואָס האָבען אין זייער שרעקליכקייט איבערגעשטיגען אויך וואָס מיר האָבען זיך געקענט אויסמאָלען.

אַ כוואַליע פֿון עקאָנאָמישער און פֿיזישער פֿאַרניכטונג איבער'ן גאַנצען אידישען ישוב אין מערב־גאַליציען, וועמעס פֿלאַמען ס'האָבען שוין אַריבערגעכאַפּט

זיך קיין קרוין־פּוילען און מזרח־גאַליציע און סטראשען צו פֿאַרפֿלייצען גאַנץ מזרח־אייראָפּאַ אין איין ים פֿון אידיש בלוט.

אָט אזוי האָט זיך פֿאַר אונז פֿאָרגעשטעלט די סיטואציע. מיר האָבען געוואוסט, אַז בלייבען פּאַסיוו טאָר מען נישט. קיין פֿאַרבינדונג מיט די חברים אין פּוילען און גאַליציען האָבען מיר נישט געהאַט. מיר האָבען בכן געמוזט האנדלען ווי ס'האט אונז דיקטירט דער איינענער שכל און געוויסען.

די סיטואציע איז פֿאַר אונז געווען קלאר. צו דער פּוילישער רעגירונג ובפרט צו איהר גאליצישער פֿיליע, דער ליקווידירונגס־קאָמיסיע, האָבען מיר קיין צוטרוי נישט געקענט האָבען. מיר האָבען נישט געגלויבט אין איהר מאַכט, נאָך ווייניגער אין איהר גוטען ווילען. די איינציגע מאכט, וואס איז באמת אפשר געווען בכח, אבצושטעלען די פּאָגראָם־כוואליע זענען אין דעם מאָמענט געווען די רעגירונגען פֿון דער אנטאנט, און וועמענס הענד ס'איז דעמאָלט געלעגען דער גורל פֿון אייראָפּאַ. מיר האָבען בכן אין אַ צירקולאר־טעלעגראַם צו די סאָציאליסטען אין ענגלאנד, פֿראנקרייך, איטאליען און אמעריקע פֿארלאַנגט, אז זיי זאָלען „אויסנוצען זייער גאנצע השפעה אויף די רעגירונגען פֿון זייערע לענדער, אָנצונעמען תיכף ומיד מיטלען פֿאַר'ן שוץ פֿון דער אידישער באַפֿעלקערונג און צו גאראנטירען איהר איהרע פּאָליטישע און נאציאָנאלע רעכט אין די ניי געשאפֿענע שטאַטען."

גלייכצייטיג האָבען מיר גערופֿען די גאנצע אינטערנאַציאָנאלע ארבייטער־באַוועגונג צום פּראָטעסט געגען די שאנד־מעשים פֿונ'ם פּוילישען שאוויניזם. פּאקטיש האָבען זיך אונטער אנדערע אבגערופֿען דאס אינטערנאציאָנאלע ביוראָ און די פּארטייען אין פֿראַנקרייך, ענגלאנד, איטאליען, שוועדען, נאָרוועגען, דענעמאַרק, האָלאנד, שווייץ. מיר האָבען זיך אבער נישט באגנינענט מיט'ן ארויסרופֿען א גראנדיאָזע פּראטעסט־באוועגונג. נאר אין יענעם שווערען מאָמענט האָבען מיר אויסגעשטרעקט די האַנד דעם פּוילישען סאָציאליזם. אין יענעם מאָמענט האָט די פּ. פּ. ס. אינאיינעם מיט דער בורזען־פּארטיי צונויפֿגעשטעלט די רעגירונג, איהר אחריות איז דעריבער געווען נאָך גרעסער. אין א טעלעגראַם צו די סאָציאליסטישע פּארטייען אין פּוילען און גאליציען, אין וועלכען מיר האָבען זיי מודיע געווען אונזער אַפּעל צו די סאָציאליסטען פֿון די אַנטאַנט־לענדער, הייסט עס ווייטער:

„אין אונזער דעקלאַראציע צו דער סטאָקהאָלמער קאָנפֿערענץ האָבען מיר פֿארלאנגט די אומבאדינגטע אויפֿשטעלונג פֿונ'ם פֿאראייניגטען פּוילען און זיין פֿולע זעלבשטענדיגקייט. מיר באדויערן טיף, וואָס פֿאקטיש האָבען אלע פּוילישע פּארטייען אזוי עקשנות'דיג אבגעזאָגט נאציאָנאלע רעכט דער אידישער מינאָריטעט. די דאָזיגע שטעלונג האט אין א הויכען מאָס געשטארקט די שנאה צו אידען און דעם השק צו פּאָגראָמאַן. מיר ציהען אייער אויפֿמערקזאמקייט אויף דעם אופֿן, ווי אזוי דאָס אידישע פֿאָלק ווערט גערודפט און אונטערדריקט, ווען ס'הויבט אויף זייגע פּאליטישע פֿאדערונגען. פֿאר'ן פֿאָרום פֿונ'ם אינטערנאציאָנאַל און פֿון דער גאַנצער ציוויליזירטער וועלט אפּעלירען מיר צום פּוילישען פּראָלעטאריאט, וואָס האָט יאהרענלאנג העלדיש געקעמפֿט געגען דער ממשלה פֿונ'ם צאַריזם, נישט צו דערלאָזען, אַז פּוילענס נאָמען זאָל פֿארשמוצט ווערען דורך פּאגראָמען און רדיפֿות. דער פּוילישער ארבייטער־קלאַס מוז ווערען פּוילענס געוויסען".

אויף דעם דאָזיגען טעלעגראם האָבען מיר קיין תשובה נישט באַקומען... לכל הפהות נישט קיין דירעקטע. אבער די אינדירעקטע תשובה האט אונז געגוג געזאָגט. אויף א טעלעגראם פון דער שוועדישער סאָציאלדעמאָקראטישער פארטיי וואס איז געשיקט געוואָרען לויט אונזער פארשלאַג, האט דאשינסקי געענטפערט: "די פאגראמען זענען געמאכט געוואָרען דורך סאלדאטען פון דער אויפגעלעזטער עסטרייכישער אַרמעע און דורך אונזערע שונאים". ווייטער, אז די פאגראָמען זענען געווענדט געגען וואוכער, נאָר צום אומגליק האָבען געליטען "אויך" אונשולדיגע. דערצו האָט דאשינסקי נאָך דערקלערט, אז די "ארבייטער" און בויערן־רעגירונג האָט פראָקלאמירט די פולע רעליגיעזע פרייהייט און נאַציאָנאלע גלייכבארעכטיגונג.

דערווייל זענען טעגליך געקומען ידיעות וועגען נייע פאָגראָמען. דעם 27. נאָוועמבער איז די וועלט אויפגעציטערט געוואָרען דורך די ערשטע ידיעות פון דער לעמבערגער שחיטה. ס'האָט זיך אליין מעהר און מעהר פארפעסטיגט דער רושם, אז די פאָגראָמען פארוואנדלען זיך אין אַן אָרגאניזירטער מלחמה פון דער פוילישער סאָלדאטעסקא געגען דער אידישער באַפעלקערונג אין גאליציען. די אפיציעלע און אָפיציעזע דערקלערונגען פון דער פוילישער רעגירונג האָבען געטראָגען דעם כאראַקטער פון כמעט אָפענע פאָגראָם־פראָקלאמאציעס. עהנליך איהרע תשובות צו אידישע דעפוטאציעס. די פראָקלאמאציע פונ'ם לעמבערגער פוילישען ארבייטער־ראַט איז פאקטיש געווען א רייגוואשונג פון די פאגראָמיסטען, די שולד פאר'ן פאָגראָם איז ארויפגעלעגט געוואָרען אויף די אידישע נאציאָנאליסטען.

ס'איז קלאר געווען, אז דער לעמבערגער מיליטער־פאָגראָם איז געווען די שטראָף פאר דער נייטראליטעט פון די אידען אינ'ם פויליש־אוקראינישען סכסוך. און ס'איז באשטאנען די סכנה, אז מעשה לעמבערג זאָל זיך איבערהזר'ן אומעדום אין גאַנץ מזרח־גאליציען ביים ווייטערען אַוואַנס פון דער פוילישער ארמעע.

אין דער דאָזיגער סיטואַציע האָבען די דריי מיטגלידער פונ'ם סעקרעטאַריאט אין סטאָקהאָלם באשלאָסען, צו פארלאנגען פון די סאָציאליסטישע פארטייען פון די אַנטאַנט־לענדער, אז זיי זאָלען פאָדערן פון זייערע רעגירונגען א מיליטערישע אינטערווענציע אין גאליציען. מ'דארף געדענקען, אז שוין דעם 15 נאָוועמבער האָט ענגלאנד געהאַט געשיקט א שארפע התראה צו פוילען. אכט טעג שפעטער איז פאָרגעקומען דער לעמבערגער פאָגראָם. מיר האָבען זיך געזאָגט: אז אין אַזאַ מאָמענט פון פשוטער לעבענס־סכנה פאר א מיליאָן אידען, מוז מען זוכען די פיזישע הילף דאָרט, וואו מ'קען זי איינציג און אַליין געפונען. דאס איז דעמאָלט געווען ביי דער אנטאנט; פונקט ווי מ'פערלאַנגט די הילף פון דער פאָליציי ביי אַ רויב־ אדער מאָרד־ איבערפאַל — נישט רעכענדיג זיך דערמיט, וועמעס אינטערעסען זי דינט בכלל. אין דער י. א. ק. איז קלאָר אונטערגעשטראָכען געוואָרען, אז ס'איז נישט געמיינט קיין מיליטערישע אָקופאציע, נאָר דאס שיקען פון א נישט־גרויסער צאָהל מיליטער מיט ריינע פאָליצייאישע אויפגאַבען פון האלטען ארדנונג און שיצען דאָס לעבען, ביז צום איבערגאנג פונ'ם שטורם.

אויס דערזעלבער סיטואציע דאַרף אויך פארשטאנען ווערען דאָס טעלעגראם צו ווילסאָ'נען ביי זיין אָנקומען קיין אייראפא. דערביי דארף מען געדענקען, אַז דער גרעסטער טייל פון דער סאָציאליסטישער וועלט האָט נאָך דעמאָלט געמיינט, אַז

ווילסאָן וועט ביי דער שלום־קאָנפערענץ אָנפיהרען א שארפען קאמף פאר זיינע באקאנטע שלום־פרינציפען. אסך סאָציאליסטישע פארטייען האָבען נעהאלטען פאר נויטיג, איהם צו באגריסען, כדי צו שטארקען מאָראליש זיין פּאָזיציע. פאר אונז איז נעווען דער מאָטיוו פון אונזער ווענדונג, צו פארלאנגען אמעריקע'ס הילף נעגען די פּאָגראָמען, אבער מיר האָבען אין דער האלטונג פון אנדערע סאָצ. פארטייען נעפונען א יסוד דערפאר, צו מאכען אין דעם פאל א יוצא מן הכלל פונ'ם פרינציפ וואָס מיר האָבען אָבגעהיט אויך אין דער פּאָגראָם־אקציע, אז מיר ווענדען זיך נאָר צו סאָציאליסטישע פארטייען און ארבייטער־אָרגאניזאציעס.

דאָס אינטערווענציע־טעלעגראם און דאָס טעלעגראם צו ווילסאָנ'ן האָבען ארויסגערופען א שארפע קריטיק אין אונזער פרעסע און אויף דער סטאָקהאָלמער בּאַראַטונג. ס'איז דערביי נויטיג געווען, נעהנטער אָנצואווייזען אויף די אומשטאַנדען און באדינגונגען, וואָס האָבען זיי ארויסגערופען.

צו דער פּראָטעסט־אקציע דארף מען אויך צורעכנען דעם מאסען־מיטינג אין סטאָקהאָלם, אויף וועלכען ס'האבען חוץ אונזערע חברים און פארטרעטערס פון אידישע ארגאניזאציעס נערעדט צווישען אנדערע דער פיהרער פון די לינקע סאָציאליסטען לינדהאַגען. צום מיטינג זענען נעקומען צושטימונגס־טעלעגראמען פון אסך פערזענליכקייטען מיט אנ'אינטערנאציאָנאלען שם, דערונטער געאָרג בראנדעס און עלען קעי. דער מיטינג האָט אויפגערודערט די סקאנדינאווישע עפענטליכקייט ובפרט די פרעסע. וועגען דער פארנעלענטער רעזאָלוציע אויף דער בערנער קאָנפערענץ האָבען מיר שוין נעשריבען (זעה קאפיטעל אינטערנאציאָנאל).

נאָך בערן האָבען אָנגעהויבען קומען די ידיעות וועגען די שוידערליכע פּאָ־גראָמען אין דער אוקראינע. וועגען זיי און אויך וועגען דער נייער פּאָגראָם־כוואליע אין פוילען האָבען מיר שטענדיג נעהאלטען אינפאָרמירט דעם אינטערנאציאָנאל. מיר האָבען מיטגעהאָלפען דער ארבייט פון די ענגלישע חברים, בפרט פאר'ן דורכפיהר'ען פונ'ם טרויער־טאָג אין יוני 1919. און די קאָנפערענץ פון דער ענגלישער ארבייטערפארטיי אין פויטהפּאָרט האָט לויט דעם פארשלאָג פון ח. קפלנסקי אנגענומען א פּראָטעסט־רעזאָלוציע נעגען די פאגראָמען. מיר האבען ארויסגעגעבען א בעזונדערע דאָקומענטען־זאמלונג איבער די פאגראמען אין פוילען און ליטא אויף ענגליש.

אינ'ם לעצטען ארבייטס־פעריאָד (זייט אָקטאָבער 1919) זענען מיר געשטאַנען אין אַ שטענדיגען קאָנטאקט מיט'ן קאמיטעט פאר אויסלענדישע ענינים פון דער ענגלישער לייבאָר פארטי, וועלכער מיר האָבען נעשיקט אסך מאטעריאל בנוגע די פּאָגראָמען, ספּעציעל אין דעניקינס נעביט און אין אונגארן. די לייבאָר פארטי האָט, ווי באקאנט, אסך מאָל אינטערפעלירט די רעגירונג וועגען די דאָזיגע פּאָגראָמען.

## די אינטערנאַציאָנאלע סאָציאליסטישע קאָמיסיע אויסצו־פּאָרשען די פּאָגראמען.

שוין אין די ערשטע אַרויסטרעטונגען פון פ. ב. נעגען די פּאָגראָמען אין פוילען אין סוף 1918, איז אויפגעהויבען נעוואָרען די פּאָדערונג, אַז דער אינטער־נאציאָנאל זאָל שיקען א קאָמיסיע, וואָס זאָל אויפ'ן ארט אויספּאָרשען נישט נאָר די

פאקטען, נאָר קודם כל אויך די עקאָנאמישע, פּאָליטישע און געזעלשאַפטליכע סיבות פון די פּאגראָמען און זייער שיכות צום גאנצען אידישען פּראבלעם אין פוילען. שפּעטער האָבען מיר די פאָדערונג אַסך מאָל איבערגע׳חזרט אין צוזאמענהאנג מיט די ווייטערע פּאָגראָמען אין פוילען און אוקראינע.

דערווייל איז ווי באקאנט אים זומער 1919 געווען אין פוילען די אמעריקאַנישע (מאָרגענטוי)־קאָמיסיע און שפּעטער די סעמועלס־קאָמיסיע פון ענגלאנד. דער צוטרוי צו די דאָזיגע קאָמיסיעס האט פון אָנהויב אָן נישט געקענט זיין גרעסער ווי דער צוטרוי צו די רעגירונגען, וואָס האָבען זיי געשיקט. דערווייל איז נאָר פּובליקירט דער באריכט פון דער מאָרגענטוי־קאָמיסיע און הגם די פאקטען זענען ביז אויף עטליכע מעהר אָדער ווייניגער ריכטיג איבערגעגעבען, פיהלט זיך דאָך, אז דער חשד איז געווען בארעכטיגט, אז מאָרגענטוי איז געקומען קיין פוילען נישט אָהן זייטיגע פניות. אויס יעדער שורה פיהלט זיך די טענדענץ, אבצושוואכען די געשעהענע פּאָגראָמען, ריינצוואשען די פוילישע רעגירונג אדער לכל הפחות צו פאַרקלענערן איהר שולד. מארגענטוי איז געקומען אלס אמעריקאנער פּאָליטיקער מיט דער כונה, נישט צולאָזען פּאָלען קיין צו שטארקען שאטען אויף דער פריינדליכער רעגירונג, מיט וועלכער אמעריקע וויל האָבען די בעסטע באציהונגען. מאָרגענטוי איז אבער אויך געקומען אלס אסימילאטאָרישער פּאָליטיקער מיט דער בפירושער כונה, צו פארשטארקען דעם כח פון דער אסימילאציע אין פוילען. זיין באריכט טראָגט א קענטיג־אסימילאטאָרישען כאראקטער. די „אומפּארטייאישקייט" פון ה׳ מארגענטוי איז גענוג כאראקטעריזירט דורך זיין פּראָוואָקאטאָרישער פּראָקלאמאציע צו די אידען אין מינסק פאַר׳ן איינגעמען די שטאדט דורך די פּאליאקען, זיי זאָלען נישט קעמפען געגען דער פּוילישער ארמעע. תיכף נאכ׳ן אריינקומען קיין מינסק, איז פאַרגעקומען דער מיליטער־פּאָגראָם מיט איבער 30 קרבנות.

סעמועלס באַריכט איז נאָך נישט פּובליקירט. ער וואנדערט צווישען די ביוראָס פון דעם בריטישען אויסען־מיניסטעריום און דעם פעלקערבונד. . .

אין ליוצערן האָט אונזער דעלעגאציע פאָרמעל געשטעלט דעם אַנטראג, צו שיקען א פּאָגראָם־אויספאָרשונגס־קאָמיסיע קיין פוילען, דעם טייל פון ליטע, וואָס איז אונטער פוילישער אָקופּאציע און דער אוקריינע. די סטאָקהאָלמער פאַרבאנדס־בעראטונג האָט איבערגעגעבען דעם פּ. ב. דעם אויפטראג אנצונעמען אלע מיטלען, אז די קאָמיסיע זאָל געשיקט ווערען.

די אויפגאַבע איז געווען א דרייפאַכע: 1) ווירקען אויפ׳ן אינטערנאציאָנאַל אַז דער באַשלוס זאָל דורכגעפיהרט ווערען; 2) שאַפען די פינאנציעלע מיטלען, ווארום ס׳איז פונ׳ם ערשטען מאָמענט געווען קלאָר, אז דער אינטערנאַציאָנאַל וועט נישט זיין בכח, אויפצוברענגען די נויטיגע מיטלען; 3) צוגרייטען דעם געהעריגען מאַטעריאל פאַר דער קאָמיסיע.

מיט׳ן סעקרעטאַריאַט פונ׳ם II. אינטערנאַציאָנאַל איז געפיהרט געוואָרען א לאנגע קאָרעספּאָנדענץ. דער ענין האָט זיך אלץ ווידער פאַרצויגען מחמת דער אלגע־מיינער שוואכער אקטיוויטעט פונ׳ם אינטערנאציאָנאַל און דער שוועריגקייט, צו געפונען די פּאסינע מענשען פאַר דער קאָמיסיע. (זעה דערצו אויך קאפּיטעל אינ־טערנאציאָנאל). עטליכע חדשים זענען דערצו אוועק, ביז ס׳איז געשאַפען געוואָרען

דער נויטיגער בודושעט. אויף דעם ארט דאַרף ארויסגעזאָגט ווערען דער דאנק די אידישע ארבייטער־אָרגאַניזאציעס אין אמעריקע, דער אידישער סאָציאַליסטישער פעדעראַציע, דעם אַרבייטער־רינג, דעם איד. נאצ. ארבייטער־פאַרבאנד און דעם צ. ק. פון אונזער פארטיי, וועלכע האָבען אינאיינעם נעשאַפען דעם סכום פון 5000 דאָלאר פאר׳ן בודושעט פון דער קאָמיסיע; דער סטאָקהאלמער אידישער הילפס־קאָמיטעט האָט בייגעשטייערט 3000 שוועדישע קרוינען.

בעת ה. הויזמאנס איז נעווען אין בערלין אין מערץ 1920 האבען מיר דעם ענין מיט איהם נאָך אמאָל ארומגערעדט און סוף כל סוף איז די קאָמיסיע צושטאנד געקומען און איז מיט־אַפריל אבגעפאָהרען קיין פוילען.

דער צונויפשטעל פון דער קאָמיסיע איז נעווען אזעלכער: טאָם שאָ, פיהרער פון די ענגלישע טעקסטיל־ארבייטער; י. ה. סכאפער סאציאליסטישער דעפוטאט אין האָלאנד; פ. רענודעל (פראנקרייך), דר. אָסקאר קאָהן, אומאבהענגיגער סאָציאליסט (דייטשלאנד).

מיר האָבען דער קאָמיסיע איבערגענעבען א רייכען מאטעריאל וועגען די פאָגראָמען און דער אידישער פראגע אין פוילען, ליטע און אוקראינע. אין עטליכע זיצונגען האָבען מיר איהר קלאר־געמאכט אונזער שטעלונג.

די קאָמיסיע איז אין פוילען באַגעגענט געוואָרען נישט זעהר פריינדליך נישט נאָר פון פוילישער, נאָר אויך פון דער אידישער זייט. די סיבה איז קודם כל דער אומצוטרוי צו אויסלענדישע קאָמיסיעס, וואָס איז נעבליבען בפרט נאָך דער אמעריקאנישער קאָמיסיע. ביי אונזערע חברים איז נאָך צוגעקומען די נעגאטיווע שטעלונג צום צווייטען אינטערנאציאָנאַל. דאָך האָבען די חברים מיטגעהאָלפען דער קאָמיסיע דורך געבען די נויטיגע אינפאָרמאציעס און מאטעריאלען.

די קאָמיסיע איז נעווען אין ווארשא, לעמבערג, קראקא, פינסק, ווילנא, מינסק. אומעדום זענען אויסגעהערט געוואָרען פאַרטרעטער פון פאַרשידענע אידישע און פוילישע פארטייען; אין לעמבערג, מינסק, אין ווילנא, אויך אוקראינער, ווייס־רוסען און ליטווינער.

מיר האָבען זיך באמיהט, מעגליך צו מאכען דער קאָמיסע די נסיעה אין דער אוקראינע, איבער סאָוויעט־רוסלאנד. דער אויסברוך פון די מלחמה־אפעראציעס צווישען פוילען און רוסלאנד און דאָס איינגעמען פון קיעוו דורך דער פוילישער אַרמעע האָט געמאַכט אוממעגליך די נסיעה.

בעת דער דאָזיגער דין וחשבון ווערט געשריבען, איז דער באַריכט פון דער קאָמיסיע נאָך נישט פובליקירט.

## די שלום־פאַרהאַנדלונגען אין בריסק און די אידישע פראַגע.

בעת ס׳האָבען זיך אין דעצעמבער 1917 אָנגעהויבען די שלום־פאַרהאַנדלונגען צווישען דייטשלאנד און דער רוסישער סאָוויעט־רעגירונג האָבען מיר פאַרשטעהט זיך געהאַט דעם וואונש, אַז אינ׳ם שלום־אָבמאַך זאָלען נעזיכערט ווערען די רעכט פון די נאַציאָנאַלע מינאָריטעטען, בפרט פון די אידען אין די ראַנד־געביטען. ס׳איז געווען קלאָר, אַז נאָר פון דער רוסישער דעלעגאציע קען מען דערוואַרטען, אַז זי זאָל

אויפֿהויבן די דאָזיגע פֿראַגע און מיר האָבן געהאַלטן פֿאַר נויטיג, צו ציהען די אויפֿמערקזאַמקייט פֿון דער ראַטען־רעגירונג אויף דעם ענין. מיר האָבן פֿאַרהאַנדעלט וועגען דעם מיט׳ן רוסישען פֿאַרטרעטער אין סטאָקהאָלם חבר וואָראָווסקי, וועלכער איז געווען גרייט, צו שטיצען אַ געהעריגען פֿארשלאָג מצד אונז ביי דער רעגירונג. מיר האָבן צו דעם צוועק אויך צונעגרייט אַ מעמאָראַנדום. מיר האָבן זיך אָבער נישט גענומען דאָס רעכט צו האַנדלען אויף אייגענער פֿויסט, נאָר מיר האָבן געהאַלטען פֿאַר איינציג קאָמפּעטענט דערצו דאָס רוסישע אידענטום גופא. און קודם כל האָבן מיר נישט געוואָלט מאַכען קיין שריט אָהן אַ פֿאַרשטענדיגונג מיט אונזערע רוסלענדישע חברים.

אין דערזעלבער צייט האָט אונז דער ציוניסטישער אַקציאָנס־קאָמיטעט מודיע געווען, אַז ער האלט פֿאַר נויטיג, אויפֿמערקזאַם צו מאַכען די רוסישע ציוניסטען אויף דער נויטווענדיקייט פון אַנ׳אַקציע פֿונ׳ם רוסישען אידענטום. שאַפֿען אַזאַ פֿאַר־בינדונג איז מעגליך געווען נאָר דורך אַ נסיעה קיין רוסלאַנד. מיר האָבן בכן געשיקט דעם חבר האַזאַנאָוויטש אין יאַנואַר 1919 קיין רוסלאַנד. זיין אויפֿגאַבע איז געווען, זיך קודם כל דורכצורעדען מיט אונזער איינענער פּאַרטיי אין רוסלאַנד וועגען דער צוועקמעסיגקייט פֿון אנ׳אַקציע פֿאַר דער זיכערונג פֿון די מינאָריטעטס־רעכט פֿון די אידען אינ׳ם שלום־אָבמאַך. ערשט ווען ס׳וועט זיך אַרויסשטעלען, אַז די חברים טיילען אונזער מיינונג, זאָל אין פֿולען הסכם מיט זיי געזוכט ווערען אַ פֿאַרשטענדיגונג מיט אַנדערע פּאַרטייען וועגען אַ שותפות׳דיגער אַקציע. פֿונ׳ם ציוניסטישען א. ק. האָט חבר חאַזאַנאָוויטש גלייכצייטיג איבערגענומען מיט דער הסכמה פֿונ׳ם פּ. ב. די שליחות, איבערצוברענגען פערזענליך דעם צענטראַל־קאָמיטעט פֿון די רוסישע ציוניסטען די מיינונג פֿונ׳ם א. ק.

אין פּעטערבורג האָט חבר האַזאַנאָוויטש געטראָפֿען נאָר איין מיטגליד פֿונ׳ם צ. ק. פֿון אונזער פּאַרטיי, דעם חבר ראַפֿאַלקעס. א באַראַטונג מיט׳ן צ. ק. האָט מחמת פּאַרקעהרס־מניעות נישט געקענט צושטאַנד קומען. חבר חאַזאַנאָוויטש האָט בכן געהאַנדעלט אין הסכם מיט חבר ראַפֿאַלקעס. ביי דער דעמאָלדיגער שטעלונג פֿון רוב אידישע פּאַרטייען צו דער ראַטען־רעגירונג האָט נישט געקענט זיין קיין רייד פֿון שיקען א אידישע דעלעגאַציע קיין בריסק. ס׳איז פֿאַרהאַנדעלט געוואָרען מיט׳ן צענטראַל־קאָמיטעט פֿון די לינקע ס. ר. וואָס זענען דעמאָלט געווען אין דער רעגירונג. ער האָט זיך געשטעלט אויפ׳ן שטאַנדפּונקט, אז רוסלאַנד איז מחויב, צו פֿאַרזיכערן די רעכט פֿון די נאַציאָנאַלע מינאָריטעטען, אין די געביטען, וואָס ווערען אָבגעטיילט פֿון רוסלאַנד. די לינקע ס. ר. האָבען אויך באַשלאָסען, צו מאַכען אַ געהעריגען פֿארשלאָג דעם ראַט פֿון די פֿאָלקס־קאָמיסאַרען. ס׳איז געשטאַנען אַ פּלאַן, אַז אויב די רעגירונג וועט מסכים זיין, אויפֿצוהויבען די אידישע פֿראַגע ביי די שלום־פֿאַרהאַנדלונגען, זאָל געשיקט ווערען צו דער שלום־דעלעגאַציע אַ אידישער סעקרעטאַר, וואָס זאָל זי אינפֿאָרמירען איבער דער אידישער פֿראַגע. דער פֿאַרשלאָג האָט געהאַט שאַנסען אנגענומען צו ווערען פֿון דער רעגירונג. מחמת דעם פּלוצים־דיגען איבעררייסען פֿון די פֿאַרהאַנדלונגען אין בריסק, איז דער פּלאַן נישט אַרויסגע־וואַקסען איבער׳ן סטאַדיום פֿון פֿאָר־פֿאַרהאַנדלונגען.

# די אידישע פֿראַגע אין רומעניען.

שוין אינם רויט־בוך און שפּעטער אין דער סטאָקהאָלמער דעקלאַראַציע איז אָנגעוויזען געוואָרען אויף דער שרעקליכער לאַגע פון די אידישע מאַסען אין רומעניען און אויפגעשטעלט געוואָרען די פֿאָדערונג פֿון אינטערנאַציאָנאַלע גאַראַנטיע פֿאַר זייערע בירגערליכע און נאַציאָנאַלע רעכט.

זייט דעם אָנהויב פֿון די שלום־פאַרהאַנדלונגען צווישען די צענטראַל־מלוכות און רומעניען, האָט דאס פֿ. ב. געשענקט דער דאָזיגער פֿראַגע אסך אויפמערקזאַמקייט. די אידישע אַרבייטער־קאָרעספּאָנדענץ האָט איהר אבגעגעבען אסך פּלאַץ. נאָך קודם כל האָט דאָס פֿ. ב. געזוכט צו שטופּען די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען אין דייטשלאַנד, עסטרייך און בולגאַריען צו אַנ'אַקציע לטובת דער זיכערונג פֿון פֿולע בירגערליכע און נאַציאָנאַלע רעכט פֿאַר די רומענישע אידען אינ'ם שלום־אבמאַך. אין דייטשען רייכסטאַג האָבען בידע סאָציאַליסטישע פּראַקציעס אויפגעהויבען די פֿאָדערונג צו זיכערן די אידישע גלייכבאַרעכטיגונג; אין עסטרייך האָט אַ דעפּוטאַציע פֿון דער דייטשער סאָציאַלדעמאָקראַטיע מיט'ן רומענישען סאָציאַליסטישען דעפּוטאַט גרינאָראוויטש זיך געווענדט צו דער רעגירונג מיט דערזעלבער פֿאָדערונג; פון בולגאַריען האָבען אונז די „ווייט־האַרציגע־סאָציאַליסטען” מודיע געווען, אַז זיי האָבען אינטערפּעלירט די רעגירונג און געקריגען באַרוהיגענדיגע הבטחות. בסך הכל האָבען אָבער די דערמאַנטע פּאַרטייען און זייער פּרעסע ניט געשענקט דער פּראַגע די נויטיגע אויפמערקזאַמקייט. נאכ'ן באַקאַנטווערען פֿון שלום־אבמאַך, דורך וועלכען די אידען זענען איבערגעגעבען געוואָרען אויף חסד און אום־חסד אין די הענד פֿון די רומענישע באַיארען, האָט נאָר אַ קליינער טייל פון דער סאָציאַליסטישער פּרעסע פּראָטעסטירט. דאָס פֿ. ב. האָט אין לענגערע בריף אויפֿגעפֿאָדערט די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען צום פּראָטעסט; בידע פּראַקציעס אין דייטשלאַנד האָבען געפאָדערט די רעוויזיע פֿון די באַשטימונגען. די אוממאַבהענגיגע האָבען דעם פּונקט וועגען דער אידישער פּראַגע געמאַכט פֿאַר איינעם פֿון די טעמים פֿון זייער שטימען געגען דעם שלום־אבמאַך.

אין שוועדען האָט די סאָציאַלדעמאָקראַטישע פּאַרטיי (רעכטע) פּובליקירט אַ פּראָטעסט און מיטגעהאָלפֿען אונזער קאמפּיין דורך איהר צענטראַל־אָרגאַן „סאָציאַל־דעמאָקראַטען”.

אין בערן האָט אונזער דעלעגאַציע פּאָרגעלעגט די שוין דערמאַנטע באַזונדערע רעזאָלוציע וועגען רומעניען. אין אַמסטערדאַם האָבען מיר איבערגעגעבען אַנ'אויםפיהרליכען מעמאָראַנדום וועגען דעם, וועלכער איז אויך פּאַרשיקט געוואָרען צו די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען. אונזער רעזאָלוציע איז, ווי בעקאַנט, אנגענומען געוואָרען.

# רוסלאַנד.

אונזערע פּאַרטייען אין אַלע לענדער האָבען, אָהן אַ חילוק פון זייער שטעלונג צו די פּראַגען, וואָס די רוסישע אָקטאָבער־רעוואָלוציע האָט געשטעלט אויפ'ן

סדר היום, פֿוּנ׳ם ערשטען מאָמענט אָן פּראָטעסטירט געגען דער פּאָליטיק פֿון אַריינמישען זיך אין די אינערליכע ענינים פֿון רוסלאַנד מצד דער אַנטאַנט. ס׳איז כדאי צוּ דערמאַנען, אַז למשל דער ניו־יאָרקער „אידישער קעמפּפֿער” האָט פֿאַר זיין מוּטיגער האַלטוּנג אין דער דאָזיגער פֿראַגע געהאַט אסך צוּ ליידען מצד דער רעגירוּנג.

אין בערן האָט אוּנזער דעלעגאַציע זיך אבגעזאָגט צוּ שטימען פֿאַר בראַנטינגס רעזאָלוּציע און א הויפּט־מאָטיוו איז דערביי געווען דאָס, וואָס זי האָט אַנטהאַלטען א פֿאַראורטיילוּנג פֿוּן דער באָלשעוויסטישער פּאָליטיק. שטיצענדיג דעם פֿאָרשלאַג צוּ שיקען א קאָמיסיע קיין רוסלאַנד האָט די דעלעגאַציע אונטערגעשטראָכען — אַז איהר אויפֿגאַבע איז אויסצופֿאָרשען דאָרט די רעזולטאַטען פֿוּן דער סאָציאַליזירוּנגס־פּאָליטיק און די לעהרען פֿוּן דער דאָרטיגער איבערקעהרעניש פֿאַר דער סאָציאַלער רעוואָלוּציע אין דער גאַנצער וועלט. וועגען דער טעטיגקייט פֿוּן אוּנזער דעלעגאַציע אין ליוצערן האָבען מיר שוין געשריבען.

די סטאָקהאָלמער בעראַטוּנג האָט אין איהר רעזאָלוּציע וועגען דער ליוּצערנער קאָנפֿערענץ דערקלערט, אַז אין מיטעלפּוּנקט פֿוּן דער אינטערנאַציאָנאַלער פּראָלעטאַרישער אַקציע פֿאַר דער גאָהנטסטער צייט מוּז שטעהן דער קאַמף געגען דער אינטערווענציע פֿוּנ׳ם אַנטאַנט־אימפּעריאַליזם געגען רוסלאַנד און אַנדערע סאָציאַליסטישע רעגירוּנגען. מיר האָבען שוין אויבען דערצעהלט, ווי אזוי מיר האָבען געזוּכט צוּ ווירקען אינ׳ם .II אינטערנאַציאָנאַל אינ׳ם גייסט פֿוּן דער דאָזיגער רעזאָלוּציע.

אין נאָוועמבער 1919 האָבען מיר פֿאַרשיקט צוּ די צענטראַל־קאָמיטעטען אַ צירקוּלאַר וועגען קאַמף געגען דער בלאָקאַדע און אינטערווענציע, וועלכער איז געווען איבערגעדרוּקט אינ׳ם גרעסטען טייל פֿוּן דער פּאַרטיי־פּרעסע.

## הילפֿס־אַרבייט.

מיר האָבען געהאַלטען פֿאַר אוּנזער חוב, צוּ שענקען אַ סך אויפֿמערקזאַמקייט און ענערגיע דער הילפֿס־אַקציע פֿאַר די מלחמה־געליטענע און מיטצוּהעלפֿען ווי ווייט מעגליך דעם קאַמף פֿאַר איהר דעמאָקראַטיזירוּנג און פֿאַר׳ן אריינטראָגען אין איהר דעם פּרינציפּ פֿוּן פּראָדוּקטיווירוּנג און זעלבסט־הילף. אין דעם גייסט האָבען מיר געזוּכט צוּ ווירקען דוּרך אַברייטער קאָרעספּאָנדענץ מיט די צענטראַל־קאָמיטעטען און הילפֿס־קאָמיטעטען און דוּרך דער אידישער אַרבייטער־קאָרעספּאָנדענץ. בפּרט אין דער צייט ווען די לענדער פֿוּנ׳ם מלחמה־חורבן זענען געווען אָבגעריסען פֿוּנ׳ם דירעקטען פֿאַרקעהר מיט׳ן וויכטיגסטען לאַנד, פֿוּן וואַנען ס׳זענען געקוּמען די הילפֿס־געלדער, אַמעריקע, האָבען מיר שטענדיג אינפֿאָרמירט אוּנזערע חברים אין דעם פֿאָלקס־הילפֿס־קאָמיטעט וועגען די שווערע עולות, וואָס ווערען באַגאַנגען געגען דער אידישער אַרבייטערשאַפֿט און איהרע אינסטיטוּציעס בנוגע דער פֿאַרטרעטוּנג אין די פֿאַרטיילוּנגס־קאָמיטעטען, און דער פֿאַרטיילוּנג פֿוּן די הילפֿס־לענדער גופא, וועגען די פּאָליטישע קאַפּיטאלען וואָס פּוילישע און דייטשע אַסימילאַטאָרען און שפּעטער אויך די ציוניסטען האָבען געזוּכט צוּ שלאָגען אויס זייער דעה איבער די הילפֿס־געלדער. מיר האָבען די חברים אין אַמעריקאַ שטענדיג דערמוּנטערט צוּם קאַמף פֿאַר די אינטערעסען פֿוּן דער אַרבייטערשאַפֿט אין די מלחמה־געביטען און דעם

דאָזיגען קאַמף איז עס קודם כל צו פאַרדאַנקען, וואָס סוף כל סוף איז איינגעטרעטען א געוויסער שנוי. די ענערגישע פאָדערונג פונ׳ם פאָלקס-הילפסקאָמיטעט אין ניו־יאָרק נאָך א פּראָפּאָרציאָנעלער פאַרטרעטונג פון די פאַרשידענע שיכטען ביי דער פאַרטיילונגס־אַקציע, די שאַפונג פונ׳ם דיגעזאָן־מעדעם־רייכמאַן־קאָמיטעט אין וואַרשא מיט א באַזונדערען בודזשעט פאַר די פּראָלעטאַרישע קינדערהיימען און שולען זענען אין א הויכען מאָס צוריקצופיהרען אויף אונזער קאַמף און איניציאַטיווע. אין דעמזעלבען זין האָבען מיר געזוכט צו ווירקען אויפ׳ן הילפס־קאָמיטעט אין פעטערבורג (1917) און אויף די סקאַנדינאַווישע הילפס־קאָמיטעטען. דער ערפאָלג וואָלט זיכער גרעסער געווען, ווען די אַרבייטער אין די מלחמה־געביטען וואָלטען געהאַט אייגענע צווישען זיך, ווען באַזונדערס דער בונד וואָלט נישט אַריבערגעטראָגען די פּאַרטיי־מחלוקת׳ן אויפ׳ן געביט פון דער הילפס־אַרבייט.

מיר האָבען פון אָנהויב אָן אויך דאָ געזוכט צו ווירקען פאַר דער איינונג פון דער אַרבייטערשאַפט. נאָך אין יאָהר 1915 האָבען מיר זיך געווענדט צום אויסלענדישען קאָמיטעט פונ׳ם בונד, אַז ער זאָל משפיע זיין ביי זיינע חברים אין פוילען לטובת א שותפות׳דיגער הילפס־אַקציע מיט די אַנדערע פּראָלעטאַרישע ריכטונגען. די תשובה איז געווען, אַז דער אויסלענדישער קאָמיטעט קען זיך נישט אַריינמישען אין די אינערליכע ענינים פון די בונדיסטען אין פוילען. אין דעמזעלבען יאָהר האָבען מיר געפּרובט צושטאַנדברענגען א שותפות׳דיגע עקאָנאָמישע טעטיגקייט פון אונזערע חברים מיט דער אידישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי אין עסטרייך. אויך האָט דאָ דער אַנדערער צד נישט געהאַט קיין פאַרשטענדניש פאַר דער וויכטיגקייט פון דער איינהייטליכער אַרבייט.

די זעלבסשטענדיגע אַקטיוויטעט פון אונזערע חברים האָט שטענדיג געפונען אונזער הילף און דערמוטיגונג. אין זומער 1917 איז אין אַמעריקע לויט אונזער פאָרשלאַג געמאַכט געוואָרען פונ׳ם איד. נאַצ. אַרב. פאַרבאַנד א זאַמעלטאָג פאַר די אַרבייטער־היימען. דער געזאַמעלטער סכום פון 3600 דאָלאַר איז דורך א טעות אין דער פאָלקס־הילפס־אַדמיניסטראַציע ערשט נאָך לאַנגע קאָרעספּאָנדענצען און אינטערווענציעס פון אונזער זייט און מצד די אַמעריקאַנער חברים פאַר עטליכע חדשים געקומען אין די הענד פון די אַרבייטער־היימען.

אין א פריינדשאַפטליכען קאָנטאַקט זענען מיר געשטאַנען מיט׳ן „אַרבייטער נויט־פאָנד״ אין ענגלאַנד, וועלכער פּלענט דורך אונז שיקען הילפס־געלדער קיין גאַליציען און פוילען.

אין דער נאָר לעצטער צייט איז אונז אויסגעקומען צו אינטערווענירען ביים פאָלקס־הילפס־קאָמיטעט אין ניו־יאָרק און ביים אַרבייטער־נויט־פאָנד אין לאָנדאָן בנוגע דעם קאָנפליקט, וואָס איז אַנטשטאַנען צווישען אונזערע חברים און בונד באַלד נאָך דער גרינדונג פונ׳ם אַרבייטער־הילפס־קאָמיטעט. ביידע אינסטיטוציעס האָבען מסכים געווען, אַז דער א. ה. ק. קען נישט באַטראַכט ווערען אַלס די פאַרטרעטונג פון דער אַרבייטערשאַפט, כל זמן די פועלי־ציון זענען נישט ווידער אַריינגעטרעטען. וועגען הילפס־ענינים האָבען מיר אויך קאָרעספּאָנדירט מיט די חברים אין גאַליציען, בוקאָווינע און רומעניען.

צום סוף ווילען מיר נאָך דערמאָנען אַז לעגיאָנערען פֿונ׳ם באַטהליאָן אין א״י האָבען אונז אין זומער 1919 איבערגעשיקט אַ סכום פֿון 190.000 פּוילישע מאַרק פֿאַר זעלבסטשוץ און הילף פֿאַר די פּאָגראָם־קרבנות. בהסכם מיט די דעלעגאַטען אויס א״י און פּוילען אין סטאָקהאָלם, איז דאָס געלד באַשטימט געוואָרען פֿאַר קינדער־היימען אין די פּאָגראָם־געביטען. פּרטים אין געלד־באַריכט.

# ארץ ישראל־אַרבייט.

זוענען דער עקאָנאָמישער ישוב־אַרבייט פֿונ׳ם וועלטפֿאַרבאַנד און פֿונ׳ם פּ. א. פּ. אין ארץ ישראל ווערט דער וועלט־קאָנפערענץ פֿאָרגעלעגט אַ דו״ח פֿונ׳ם אַרבייטס־סעקרעטאַריאַט אין יפו. אין דער באַציהונג האָט דער פֿאַרבאַנדס־סעקרעטאַריאַט מעהר אַ פֿאָרמיטלענדיגע פֿונקציע. מיר זוענען געשטאַנען בעת דער גאַנצער מלחמה אין אַ שטענדיגען און ענגען קאָנטאַקט מיט׳ן חבר בלומענפֿעלד, דער סעקרעטאַר פֿונ׳ם משרד־העבודה. צוליב די שוועריגקייט פֿון קאָמוניקאַציע און פֿאַרשטענדיגונג האָבען מיר אין פּרינציפּ איבערגעלאָזען דעם אַרבייטס־סעקרעטאַריאַט די אחריות פֿאַר דער אויפֿשטעלונג און פֿאַרווענדונג פֿונ׳ם בודזשעט פֿון אונזער א״י־אַרבייט. אָבער מיר האָבען לויט מעגליכקייט געהאָלפֿען חבר בלומענפֿעלד׳ן מיט אַ עצה בפרט אין דער צייט פֿון זיין גרוש קיין דמשק, בשעת ער איז אויך געווען אָבגעריסען פֿון זיינע חברים אינ׳ם משרד־העבודה. און קודם כל האָבען מיר געזוכט צו פֿאַרזיכערן איהם די נויטיגע פֿינאַנציעלע מיטלען. אין די מלחמה־יאָהרען האָט די אַמעריקאַנער פּאַרטיי געטראָגען דעם הויפּט־חלק פֿונ׳ם א״י בודזשעט. אַ ביסעל האָבען אויסגעהאָלפֿען אויך די חברים אין ענגלאַנד, עסטרייך, דייטשלאַנד, שווייץ און פּאַריז. דער אַרבייטס־סעקרעטאַריאַט איז געשטאַנען אויך אין דירעקטע באַציהונגען מיט די חברים פֿון די לענדער, בפרט מיט אַמעריקע. נאָר אין יאָהר 1918 זוענען מיר געווען דער פֿאַרבינדונגס־פּונקט צווישען אַמעריקע און דמשק, בעת די חברים אין יהודה (יפו), אונטער ענגלישער אָקופּאַציע האָבען קאָמוניקירט דירעקט מיט אַמעריקע.

אונזער געלד־באַריכט גיט דעריבער נישט קיין פֿולען בילד פֿון דער פֿינאַנציעלער סיטואַציע פֿון אונזער ארץ ישראל־אָרגאַן. פֿון דער אַנדערער זייט פֿעהלען אין געלד־באַריכט פֿונ׳ם משרד־העבודה אַ שורה פֿון הוצאות, וועלכע מיר האָבען געהאַט אויפֿ׳ן חשבון פֿון דער א״י־אַרבייט. פֿון 1916 ביז צום 1. אָקטאָבער 1919 האָט דאָס פּ. ב. געקרינען פֿאַר א״י־צוועקען רונד 35.420 האָל. פֿלאָרין (בערך 70.800 גאָלד־פֿראַנק) און 284.10 ענגל. פֿונט (בערך 6800 פֿראַנק). איבערגעשיקט קיין א״י און אויסגעגעבען ע״ה פֿון ארץ ישראל און אייראָפּא האָבען מיר 98.870 פֿראַנק. די דיפֿערענץ פֿון איבער 21 טויזענד פֿראַנק שטאַמט פֿון קורס־רווחים לטובת דעם פּ. א. פּ.

זייט דער סטאָקהאָלמער באַראַטונג האָט דאָס פּ. ב. איבערגענומען די אויפֿגאַבען פֿון דער פּ. א. פּ.־פֿאַרוואַלטונג און די זאָרג פֿאַר׳ן א״י־בודזשעט פֿונ׳ם לעצטען אַרבייטס־יאָהר. די אויפֿגאַבע איז געווען נישט קיין לייכטע. מיר האָבען באַוויליגט אין סטאָקהאָלם אַ בודזשעט פֿון 14.000 פֿונט (350.000 פֿראַנק),

דערפֿון 12.000 פֿונט אַלגעמיינע הוצאות און 2.000 פֿונט פֿאַר'ן בויפּלאַץ פונ'ם בית־הפועלים אין יפו. שוין באַלד נאָך דער באַראַטונג איז קלאָר געוואָרען, אַז די פּאַרטייען וועלען נישט זייט בכח צו זיכערן אַזאַ גרויסען סכום אין דעם יאָהר און מיר האָבען געבעטען דעם ארבייטס־סעקרעטאַריאַט צו קירצען דעם בודזשעט מיט אַ דריטעל (אויף 8000 פֿונט) און זיכערן אויפֿ'ן בוי־פּלאַץ א היפּאָ־טעקארישע הלואה פֿון 1000 פֿונט. אַזוי האָבען מיר געדאַרפֿט זיכערן בס"ה 9000 פֿונט. אָבער אויך דאָס איז נישט געלונגען אין גאַנצען, עס זענען געשיקט געוואָרען אויפֿ'ן השבון פֿון דעם בודזשעט אין תר"פ 4910 פֿונט (איבער 120.000 פראַנק). בערך 1500 פֿונט (37.000 פֿראַנק) דאַרפֿען זיין אונטערוועגס פֿון ניו־יאָרק. 1000 פֿונט (25.000 פֿראַנק) האָט דער פּ. א. פּ. געקריגען אַ הלואה אויפֿ'ן בוי־פּלאַץ, און 2570 פֿונט (בערך 64.000) זענען געשיקט געוואָרען פֿאַר קאָנסטרוקטיווער אַרבייט אין א"י פֿונ'ם פֿאָלקס־הילפּס־קאָמיטעט אין ניו־יאָרק און זענען פֿאַרוועגדעט געוואָרען פֿאַר קליינע קאאָפּעראַטיווע צוועקען, ווי אנגעצייכענט אין אונזער אַרבייטס־פּלאַן. די זיכערונג פֿון דעם טייל פֿונ'ם בודזשעט פֿאַרדאַנקען מיר די חברים אין אַמעריקע, ארגענטינע און ענגלאַנד.

אונזער פּאָליטישע טעטיגקייט פֿאַר ארץ ישראל איז בעת דער מלחמה באַשטאַנען בעיקר אין דער אינפֿאָרמירונג פֿון דער עפֿענטליכקייט איבער דעם מצב אין לאַנד, קודם אונטער דער יונגטערקישער ממשלה. דערצו האָט אונז געדינט די יא"ק, ווי אויך באַזונדערע קאמוניקאַטען צו דער פּרעסע. אַ באַזונדערע אָנשטרענגונג איז נויטיג געווען אין פֿריהלינג 1917, בעת דעם גרוש יפו. מיר האָבען קאָנסטאַטירט, אז אונזער אויפֿקלערונגס־אַרבייט איז נישט געבליבען אהן אַ ווירקונג.

אונזערע פּאָליטישע פֿאָדערונגען בנוגע ארץ ישראל האבען מיר געהאט געלעגענהייט צו פֿאָרמולירען אין 1915 אין אונזער מעמאָראַנדום צום אינטערנאַציאָנאַל „די אידען אין דער מלחמה", אין 1917 אין אונזער סטאָקהאָלמער דעקלאַראַציע, אין 1919 אין אַ נייעם מעמאָראַנדום צום אינטערנאַציאָנאַל אין דער פֿאָרם פֿון פֿאָרשלאָגען צום שלום־טראַקטאַט בנוגע א"י. די דאָקומענטען זענען באַקאַנט אונזערע פּאַרטייען און ס'איז איבעריג אָבצושטעלען זיך דאָ נעהנטער אויף זיי.

אין די לעצטע חדשים האָבען די טרויריגע פּאסירונגען אונטער דער ענגלישער אָקופּאַציע אין א"י, פֿאַרלאַנגט אונזער באַזונדערע אויפֿמערקזאמקייט. מיר מיינען די אונרוהען אין גליל און דעם פּאָגראָם אין ירושלים. אַזוי ווי די טעלעגראַפֿישע ידיעות פֿון אונזערע א"י־חברים האָבען אונז נישט נעקענט דערגרייכען דירעקט, נאָר איבער לאָנדאָן, איז עס אויסגעפֿאַלען אויפֿ'ן הלק פֿון אונזער ענגלישער פּאַרטיי דורכצופֿיהרען די וויכטיגסטע שריט. די חברים האָבען זיך געווענדט צו דער ענגלישער ארבייטער־פּאַרטיי מיט אַ מעמאָראַנדום איבער גליל און נאָך ירושלים מיט אַ נרעסערען מעמאָראַנדום וועגען דער אלגעמיינער סיטואַציע בנוגע א"י. דאָס פֿ. ב. האָט איבערגעגעבען דער אַרבייטער־פּאַרטיי די מאַטעריאַלען פֿון אונזערע א"י־חברים וועגען דעם ירושלים'ער פּאָגראָם און פֿאַרלאַנגט אַ גרינדליכע רייניגונג פֿון דער א"י־דיגער אדמיניסטראַציע, גאַראַנטיעס פֿאַר זעלבס־שוץ און עפֿענונג פֿון די טירען פֿונ'ם

לאַנד פֿאַר דער אידישער איינוואַנדערונג. די רעזולטאַטען פֿון די שריט זענען געווען אַ שורה אינטערלפּאַציעס מצד דער פּאַרלאַמענטאַרישער פֿראַקציע פֿון דער אַרבייטערפּאַרטיי, אויפֿקלערונגס-אַרבייט אין דעם „דיילי העראַלד" און די באַקאַנטע ווענדונג פֿון דער אַרבייטערפּאַרטיי און פֿון דעם פּאַרלאַמענטאַרישען קאָמיטעט פֿון דעם טרייד-יוניאָן-קאָנגרעס צו דער ענגלישער רעגירונג פֿאַר דער קאָנפֿערענץ פֿון סאַן רעמאָ. אויך די לעצטע קאָנפֿערענץ פֿון דער אַרבייטערפּאַרטיי אין סקאַרבאָראָ האָט אָנגענומען אַ רעזאָלוציע, וואָס פֿאָדערט, אַז די איינוואַנדערונג פֿון די אידישע אַרבייטערמאַסען קיין א"י זאָל תיכף פֿרייגעגעבען ווערען.

עס איז נישט נויטיג ערשט אָנצווייזען אויף די פֿאַקטען כדי קלאָר צו מאַכען די וויכטיגקייט פֿון דער אָרגאַניזאַטאָרישער פֿאַרבינדונג פֿון אונזער ענגלישער פּאַרטיי מיט דער גרויסער ענגלישער אַרבייטער-באַוועגונג. אָבער די דאָזיגע פֿאַרבינדונג מאַכט בשום אויפֿ'ן נישט איבעריג אַ שטענדיגע פֿאַרבינדונג צווישען דעם וועלט-פֿאַרבאַנד און דער בריטישער אַרבייטערפּאַרטיי, וואָרען דער פּלאַץ, וואָס אונזערע הברים פֿאַרנעמען אין דער לייבאָר פּאַרטי, איז אויך אבהענגיג פֿון דער פּאָליטישער באַדייטונג פֿון אונזער אַלוועלטליכען פֿאַרבאַנד. די פֿראַגע פֿון אַ שטענדיגער פּאַרטרעטונג פֿונ'ם וועלטפֿאַרבאַנד אין לאָנדאָן ווערט שוין זייט סטאָקהאָלם דיסקוטירט און דאָס פּ. ב. האָט בהסכם מיט די פּאַרטייען אין א"י, אַמעריקע און ענגלאַנד געמאַכט געוויסע צוגרייטונגס-שריט פֿאַר דער דורכפֿיהרונג פֿון דעם פּלאַן.

צו די וויכטיגסטע א"י-אַרבייטען פֿונ'ם פּ. ב. אינ'ם לעצטען יאָהר געהערט די אָרגאַניזירונג פֿון דער אַ ר ב י י ט ע ר - ק אָ מ י ס י ע קיין ע ר ץ י ש ר א ל. דער פֿאָרשלאַג איז אָנגענומען געוואָרען פֿון דער לידסער קאָנפֿערענץ פֿון די ענגלישע הברים (אין אַפּריל 1919) און האָט געפֿונען די הסכמה פֿונ'ם פּ. ב. און פֿון דער סטאָקהאָלמער באַראַטונג. לויט איהר ההלטה האָט זיך די א"י-קאָמיסיע צוזאַמענגעזעצט פֿון די הברים נ י ר, ר ו ב א ש א ו, און ר ע ו ו א ו צ ק י (געקליבען פֿון דער באַראַטונג), פ י י נ מ אַ ן, דר. ס י ר ק י ן (אַמעריקע), נ ת ן (ליטא), ב ן - ג ו ר י ו ן, ט ב נ ק י ן, י ב נ א ל י (ארץ ישראל), ב ל ו מ ע נ פֿ ע ל ד, און ב ן - צ ב י (פֿאַר'ן אַרבייטס-סעקרעטאַריאַט). די הברים האַזאַנאָוויטש, דר. כהן און קאַפּלאַנסקי, אויך אויסגעקליבען פֿון דער סטאָקהאָלמער באַראַטונג, האָבען זיך נישט געקענט באַטייליגען אין דער קאָמיסיע. הבר אפּרתי (אוקראינא) איז געקומען ערשט אין די לעצטע וואָכען פֿון דער אַרבייט פֿון קאָמיסיע. דאָס פּ. ב. האָט געהאַט צו זיכערן דעם בודזשעט פֿון דע- קאָמיסיע (פֿון איבער 2000 פֿונט, געדעקט צום גרעסטען טייל פֿון דער אַמעריקאַנער פּאַרטיי) און צום אָרגאַניזירען די נסיעה פֿון די מיטגלידער פֿון דער קאָמיסיע. זי האָט אָנגעהויבען איהר אַרבייט אין יאַנואַר און פֿאַרענדיגט אין מאַי. דער דו"ח פֿון דער קאָמיסיע, אַ בוך פֿון איבער 10 דרוקבויגען, נעמט אַרום אַ קריטיק פֿון די ביז איצטיגע רעזולטאַטען פֿון דער א"י-קאָלאָניזאַציע און אַ פּלאַן פֿון אַ מאַסען-קאָלאָניזאַציע אויף קאָאָפּעראַטיווע יסודות און ווערט פֿאָרגעלעגט דער וועלט-קאָנפֿערענץ. ער רעדט פֿאַר זיך אַליין און פֿאַר דער גרינדליכקייט און געוויסהאַפֿטיגקייט, מיט וועלכער אונזער א"י-קאָמיסיע האָט דורכגעפֿיהרט איהר אויפֿגאַבע.

# אָרגאַניזאַטאָרישע אַרבייט.

בעת דער גאַנצער מלחמה האָבען מיר זיך באַמיהט מיט אַלע מעגליכקייטען אויסצוהאַלטען דעם אָרגאַניזאַטאָרישען קאָנטאַקט מיט אַלע טיילען פֿון דער באַוועגונג. דאָס האָט זיך אונז אין אַ הויכען מאָס איינגעגעבען, נישט קוקענדיג אויף די צענזור־ און קאָמוניקאַציע־שוועריגקייטען. מיר האָבען אין דער גאַנצער צייט מעהר אָדער ווייניגער רעגעלמעסיג קאָרעספּאָנדירט מיט אַלע לאַנד־פּאַרטייען, מיט אַ סך איינצעל־גרופּען און חברים. פֿון די לעצטע ווילען מיר נאָר דערמאָנען אַ שורה חברים אין געפֿאַנגענען־לאַגערן, וועמעס מצב מיר האָבען געזוכט צו פֿאַרלייכטערן דורך אינפֿאָרמאַציע, ליטעראַטור, צום טייל אויך מאַטעריעלע הילף. אַם שווערסטען איז געווען די פֿאַרבינדונג מיט רוסלאַנד אונטער׳ן צאַרישען רעזשים און שפּעטער מחמת דער בלאָקאַדע. דאָך האָבען מיר מיט אַ גרויסען ערפֿאָלג געזוכט גובר צו זיין אויך די דאָזיגע מניעות, אויסנוצענדיג פּאָליטישע פֿאַרבינדונגען און פּריוואַטע נסיעות.

אַחוץ דער ברייטער קאָרעספּאָנדענץ האָבען מיר פֿון אויגוסט 1917 ביז אַפּריל 1919 אַרויסגעגעבען די צירקולאַרבריף צו די צענטראַל־קאָמיטעטען; זייט אָקטאָבער 1919 ביז יולי 1920 זענען פֿאַרשיקט געוואָרען 15 צירקולאַרען.

נסיעות מיט ריין אָדער צום טייל אָרגאַניזאַטאָרישע צוועקען האָבען געמאַכט אינ׳ם אויפֿטראַג פֿונ׳ם פֿאַרבאַנדס־ביוראָ: חבר האַזאַנאָוויטש קיין ענגלאַנד (1915) און קיין רוסלאַנד (1918) און קאַפּלאַנסקי אין דער טשעכאָ־סלאָוואַקיי (מערץ 1920 צום פּאַרטיי־צוזאַמענפֿאָהר). ווייטער האָבען זיך מיטגלידער פֿונ׳ם פּ. ב. אין זיין נאָמען באַטייליגט אין צוזאַמענפֿאָהרען און קאָנפֿערענצען אין אַמעריקע (באָראָכאָוו, האַזאַנאָוויטש, קאַפּלאַנסקי), ענגלאַנד (האַזאַנאָוויטש, קאַפּלאַנסקי), שווייץ (לאָקער, קאַפּלאַנסקי), ווין (רעוואוצקי), רוסלאַנד (באָראָכאָוו 1917).

דאָס פּ. ב. האָט עטליכע מאָל געמאַכט דעם פּרוב, צונויפֿצורופֿען די וועלט־קאָנפֿערענץ אָדער לכל הפּחות אַ גרעסערע באַראַטונג מיט ברייטע קאָמפּעטענצען. תיכף נאָך דער רוסישער מערץ־רעוואָלוציע האָבען מיר טעלעגראַפֿיש צונויפֿגערופֿען די וועלט־קאָנפֿערענץ קיין סטאָקהאָלם. אָנהויב 1919 האָבען מיר גערופֿען די לאַנד־פּאַרטייען צו אַ באַראַטונג אין דער שווייץ. ביידע מאָל האָט זיך דער פּלאַן נישט איינגעגעבען מחמת די קאָמוניקאַציע־שוועריגקייטען. אין סטאָקהאָלם און בערן 1919 זענען בכן נאָר פֿאָרגעקומען באַראַטונגען וועגען די לויפֿענדע ענינים פֿון די מיטגלידער פֿון די דעלעגאַציעס, אינ׳ם צווייטען פֿאַל מיט׳ן אנטייל פֿון פֿאַרטרעטערס פֿונ׳ם שווייצער גרופּען־סעקרעטאַריאַט. וועגען דער סטאָקהאָלמער באַראַטונג און דער אָרגאַניזאַטאָרישער אַרבייט זייט אָקטאָבער 1919 באַריכטען מיר ווייטער אונטען.

## סטאָקהאָלמער באַראַטונג

אין זומער 1919 האָט זיך סוף כל סוף איינגעגעבען צונויפֿצוברענגען די ערשטע גרעסטע באַראַטונג פֿון פֿאַרטרעטער פֿון פֿאַרשידענע לאַנדפּאַרטייען זייט דער פֿערטער וועלט־קאָנפֿערענץ. מחמת פֿאַרקעהרס־שוועריגקייטען האָט די באַראַטונג געמוזט

פּאַרקומען אין דריי סעסיעס מיט אַ טיילוויז פאַרשידענעם צונויפשטעל פון די דעלעגאַטען און פאַרטרעטענדע פאַרטייען.

די ערשטע סעסיע האָט געדויערט פונם 21 — 29 יולי, די צווייטע פונם 23 — 30 אויגוסט, די דריטע פונם 24 סעפטעמבער ביז צום 5 אָקטאָבער. אין אַלע דריי סעסיעס האָבען זיך באַטייליגט די מיטגלידער פונם פּ. ב. האַזאַנאָוויטש לאַקער, קאַפּלאַנסקי, רעוואַוצקי, ווייטער די חברים יאַרבלום (פּוילען, פון דער באַראַטונג אָן אין פּ. ב.) און רובאַשאָוו (דייטשלאַנד). אין דער ערשטער סעסיע האָבען ווייטער אַנטייל גענומען די חברים: א. סערפּאָוו, מיכל קאָהן און חברה מלכה שאַר (דייטש־עסטרייך) און חבר רודאָלף קאָהן (טשעכיע); אין דער צווייטער און דריטער סעסיע: פנחס און ניר (פּוילען), דר. סירקין (אַמעריקע); בלויז אין דער דריטער סעסיע: בלומענפעלד, כצנלסון, שוחט (ארץ ישראל).

די באַראַטונג האָט אויסגעהערט באַריכטען פונם אייראָפּעאישען סעקרעטאַריאַט, פונם אַרבייטער־סעקרעטאַריאַט אין יפו און פון דער דעלעגאַציע אויף דער לאָנדאָנער ציוניסטישער קאָנפערענץ, און רעפעראַטען איבער׳ן אינטערנאַציאָנאַל, א״י־אַרבייט, אחדות־העבודה, אידישער אַרבייטער־וועלטקאָנגרעס. וועגען די אַלע פראַגען זענען אָנגענומען געוואָרען געהעריגע החלטות. ס׳איז באַשטימט געוואָרען צו שיקען אַן אַרבייטער־קאָמיסיע, וועלכער ס׳זענען גענעבען געוואָרען דעטאַילירטע אינסטרוקציעס פאַר איהר אַרבייט. ס׳איז רעאָרגאַניזירט געוואָרען דער אייראָפּעאישער סעקרעטאַריאַט.

וועגען דער טעטיגקייט פונם רעאָרגאַניזירטען סעקרעטאַריאַט זייט אָקטאָבער 1919, באַריכטען מיר ביי די פאַרשידענע פונקטען. אַלץ וואָס ס׳איז געשעהן זייט אָקטאָבער 1919 נעהט אויפ׳ן אחריות פונם רעאָרגאַניזירטען סעקרעטאַריאַט. דאָ ווילען מיר נאָר בקיצור זאָגען, אַז מיר האָבען זיך באַמיהט, אויסצופיהרען ווי ווייט מעגליך אַלע החלטות פון דער באַראַטונג און אין אַלע פראַגען צו האַנדלען אין זייער גייסט. פון די אָרגאַניזאַטאָרישע אַרבייטען איז נאָך כדאי צו דערמאָנען:

דיצוגרייטונג פון דיוואַהלען צום געפּלאַנטען אינטער־נאַציאָנאַלען סאָציאַליסטען־קאָנגרעס אין גענף (צירקולאַר נומ. 2, אָקטאָבער).

די אַנקעטע איבער דער גרויס, אַנטוויקלונג און טעטיגקייט פון אונזערע פאַרטייען אין אַלע לענדער (צירקולאַר נומ. 4 אָקטאָבער 1919).

די וועלט־קאָנפערענץ האָט לויט׳ן באַשלוס פון דער סטאָקהאָלמער באַראַטונג געזאָלט צונויפגערופען ווערען אויפ׳ן 10 יאַנואַר. דאָך האָבען אונז באַלד עטליכע פאַרטייען, דערונטער די אַמעריקאַנישע און פּוילישע מודיע געווען, אַז פאַר זיי וועט נישט מעגליך זיין, אין דער צייט צו זיין פאַרטרעטען אויף דער וו. ק. און האָבען פאָרגעלגט זי אָבצולעגען. אויך בנוגע די פאַרטייען אין רוסלאַנד און אוקראַינע איז נישט געווען קיין שום האָפנונג, אַז זיי זאָלען אין יאַנואַר קענען שיקען פאַרטרעטער. דערצו האָט די א״י קאָמיסיע מחמת פּאַס־שוועריגקייטען ערשט אים יאַנואַר געקענט אָנהויבען אַרבייטען. מיר האָבען דעריבער אין דעצעמבער 1919 באַשלאָסען אָבצולעגען די וועלט־קאָנפערענץ. כמעט אַלע פאַרטייען האָבען בפירוש געגעבען זייער הסכמה דערצו.

אין אַפּריל האָבען מיר באַשלאָסען, צונויפצורופען די וועלט־קאָנפערענץ אויפ'ן 20 — 25 יולי 1920. מיר האָבען אויסגעאַרבייט אַ פּראָיעקט פאַר'ן סדר היום, פאָרגעשלאָגען רעפערענטען צו די פאַרשידענע פּונקטען, געגעבען אָנווייזונגען וועגען די וואַהלען א. אַ. וו. (צירקולאַר נומ. 13). אויך די פאָרשלאַגען פון די פּאַרטייען בנוגע דער וועלט־קאָנפערענץ האָבען מיר געענפערט דורך בריף און אַ באַזונדערען צירקולאַר (נומ. 15).

אַלס אָרט פון דער וועלט־קאָנפערענץ האָבען מיר נאָך אַ גרינדליכען ישוב הדעת באַשטימט ווין. די ווינער פּאַרטיי־עקזעקוטיווע האָט דערגרייכט די הסכמה פון דער עסטרייכישער רעגירונג צו דער אָבהאַלטונג פון דער קאָנפערענץ אין ווין. אויך די חברים אין דער טשעכאָ־סלאָוואַקיי האָבען באַקומען אַ דערלויבעניש פון זייער רעגירונג פאַר פּראַג אָדער ברין. מיר דאַנקען די חברים פאַר זייער מיה.

מיר אַליין האָבען געפיהרט פאַרהאַנדלונגען מיט דער דייטשער און עסטנישער רעגירונג וועגען דער דורכרייזע פון די דעלעגאַטען. די פאַרהאַנדלונגען האָבען געפיהרט צום געוואונשטען רעזולטאַט. אויך פאַר די חברים פון רוסלאַנד איז די דורכרייזע געזיכערט געוואָרען. אויך וואונש פון די רוסישע חברים האָבען מיר אינטערווענירט ביי דער סאָוויעט־רעגירונג וועגען פּעסער פאַר אַלע דעלעגאַטען.

## פאַרבינדונג מיט רוסלאַנד.

נאָכ'ן אריבערטראַגען דאַס פּ. ב. אין סטאָקהאָלם, האָט זיך אונז איינגעגעבען צו שאַפען אַ מעהר־וועניגער רעגולערע פאַרבינדונג מיט די חברים אין רוסלאַנד. מיר האָבען זיי עטליכע מאָל געשיקט בריף און ליטעראַטור א. צ. וו. דורך דער ענגלישער אַרבייטער־קאָמיסיע. מיר האַבען אויך פון זיי געקריגען בריף און צייטונגען.

אין מער'ץ האבען מיר געהאַט אַ זיצונג מיט אַ פאָרשטעהער פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פּועלי־ציון אין רוסלאַנד. מיר האָבען באַשלאָסען, צו די דאָזיגע פּאַרטיי פּועלי־ציון צו רופען צו דער וועלט־קאָנפערענץ. אין דעם זין האבען מיר געשריבען צו ביידע פּאַרטייען. זייט דעמאָלט האָבען מיר אָבער פון דער קאָמ. פּאַרטיי ניט מעהר געהערט.

## ענגלאַנד.

אונזער ענגלישע פּאַרטיי איז מיט עטליכע הדשים צוריק אריינגענומען געוואָרען אַלס אַנ' אויטאָנאָמער טייל אין דער ענגלישער „לייבאָר פּאַרטי". דאָס איז בלי ספק אַ געשעהעניש פון גרויסער באַדייטונג פאַר אונזער באַוועגונג ובפרט פאַר אונזער אַ"י אַרבייט. צו דעם ערפאָלג האָבען אהוץ דער טעטיגקייט פון דער ענגלישער פּאַרטיי גופא מיטגעהאָלפען אין אַ געוויסען מאָס די אויפקלערונגס־אַרבייט פונס פּ. ב. און די נאָהענטע באַציהונגען אין וועלכע ער איז אין משך פון דער מלחמה און נאָך איהר אַריינגעטרעטען מיט דער לייבאָר פּאַרטי. פאַר די פאַרהאַנדלונגען וועגען אַריינטריט האָט דער ענגלישער צ. ק. זיך דורכגעשריבען מיט'ן פּ. ב. וועגען דער טאַקטיק, וואָס דאַרף אָנגענומען ווערען ביי דעם וויכטיגען שריט.

אונזער ענגלישע פּאַרטיי האָט די בעסטע שאַנסען פאַר אַ גוטער אַנטוויקלונג, אָבער ס'פעהלען איהר אנפיהרענדינע כחות. נאָך אַ לענגערען משא ומתן איז לויט אונזער פאָרשלאג צושטאַנד נעקומען אַן'אבמאַך צווישען דעם צ. ק. און ה. מ. זינגער וויך, וועלכער פאָהרט תיכף נאָך דער וועלט־קאָנפערענץ קיין לאָנדאָן כדי איבערצונעמען אַן'אָנפיהרענדינע פונקציע אין דער פּאַרטיי.

# „אָרגאַניזאַציאָנס־ביוראָ פון די לינקע פועלי־ציון".

אין דעצעמבער 1919. איז אין ווין נעגרינדעט געוואָרען דאס א. ב. פון די לינקע פועלי־ציון מיט'ן צוועק, צו פאראייניגען פּאַרטייען און טיילען פון פּאַרטייען פון אונזער וועלט־פאַרבאנד, אויפ'ן יסוד און אין די שורות פונ'ם דריטען אינטער־נאַציאָנאַל". דאס פ. ב. איז פאַרשטענדינ'ש געוואָרען פון דער גרינדונג פונ'ם ביוראָ לאַחר המעשה מיט'ן וואונש, אז מיר זאָלען „אוועקקוקען פון ריין פאָרמאַלע אומ־שטענדען" און נעמען צו קענטניש די גרינדונג פונ'ם ביוראָ. גלייכצייטיג האט דאס אַ. ב. אנגעהויבען פאַרשיקען צירקולאַרען צו פּאַרטייען, טיילען פון פּאַרטייען און איינצעלנע חברים מיט דער אויפפאָדערונג צו גרינדען אין די לאַנד־פּאַרטייען „לינקע פראַקציעס" מיט די דערמאַנטע צילען.

מיר האבען אין דעם געזעהן אַ שריט צו דער שפּאַלטונג פון אונזער וועלט־פאַרבאנד און פון די לאַנד־פּאַרטייען. די פּראָפּאַגאַנדאַ פון די קאָמוניסטישע אידעען און פון זייער אויפפאַסונג פונ'ם פועלי־ציוניזם איז, פאַרשטעהט זיך, אַ רעכט פון אַלע חברים, אבער שאַפען אַן'אָרגאַניזאַציע אין אונזער וועלט־אָרגאַניזאַציע אויס גאַנצע לאַנד־פּאַרטייען און טיילען פון זיי מיט'ן קאָנקרעטען ציל, נישט צו באַנוגע־נען זיך מיט פּראָפּאַגאַנדאַ און קאַמף אין אונזער באַוועגונג, נאר צו אונטערנעמען זעלבשטענדיגע פּאָליטישע שריט און אַקציעס נאָך איידער די וועלט־קאָנפערענץ האט געהאט די מעגליכקייט די פראַגען צו באַהאַנדלען, האבען מיר געמוזט באַטראַכטען פאַר אַ שווערען פעהלער, וואָס ברענגט אין סכנה די איינהייט פון דער וועלט־באַוועגונג, שטערענדיג איהר אינערליכע פאַרשטענדיגונג איבער די וויכטיגסטע פּראָב־לעמען. דער דאָזיגער רושם האט זיך נאָך פאַרשטאַרקט דורכדעם, וואָס די איניציאַ־טאָרען פונ'ם א. ב. זענען געוועזען פּאַרטייען, וועמעס שייכות צום וועלט־פאַרבאַנד איז ניט קיין נאָרמאַלע: די אידישע קאָמוניסטישע פּאַרטיי (פועלי־ציון) אין רוסלאַנד, וואָס האט זיך אבגעשפּאָלטען פון דער רוסלענדישער פּאַרטיי, די ליטוויש־לאַטווישע פּאַרטיי וואָס האט דערקלערט, אז זי נעהמט אריין אינ'ם וועלט־פאַרבאַנד נאָר מיט באַראַטונגס־רעכט. אויך אין די שורות פון דער דייטש־עסטרייכישער פּאַרטיי האבען זיך נאָך דער סטאָקהאָלמער באַראַטונג געוויזען שטאַרקע טענדענצען, זיך אבצוזאָגען פונ'ם וועלט־פאַרבאַנד.

מיר האבען אויפגעפאָדערט די פּאַרטייען, ניט צו קומען מיט דעם דאָזיגען ביוראָ אין קיין פאַרבינדונג. מיט ווייניג אויסנאַמען האט אונזער שטעלונג געפונען די הסכמה פונ'ם גרויסען רוב פון די פּאַרטייען און חברים.

# סאָציאַליסטישע אַרבייטער־פּאַרטיי אין ארץ ישראל (פועלי־ציון).

ווי באַקאַנט האָט די סטאָקהאָלמער באַראַטונג אין סעפּטעמבער 1919 באַשלאָסען אנצוערקענען די ציוניסטיש־סאָציאַליסטישע אַרבייטער־פאַראייניגונג פון א״י „אחדות העבודה״ אלס די ארץ ישראל׳דיגע לאַנד־פּאַרטיי פונ׳ם וועלט־פאַרבאַנד. אויף׳ן אָרט פון דער יוד. סאָצ. דעמ. אַרב.־פּאַרטיי פועלי־ציון, וועלכע האָט בשעתו איינשטימיג אָנגענומען די ההלטה אַריינצוגעהן אין די „אחדות העבודה״. נאָכדעם האָט אַ גרופּע חברים אין א״י געשאַפען אַ נייע פּאַרטיי מיט׳ן נאָמען „סאָציאַליסטישע אַרבייטער־פּאַרטיי אין ארץ ישראל״ (פועלי־ציון).

גלייכצייטיג מיט דער מודעה וועגען דער „רעאָרגאַניזאַציע״ פון דער אַלטער פּאַרטיי פועלי־ציון, פון וועלכער די נייע גרופּע אונטערשיידט זיך אגב סיי אינ׳ם נאָמען סיי אינ׳ם פּראָגראַם, האָט זי אונז אויך מודיע געווען, אַז „כל־זמן דער וועלט־פאַרבאַנד בלייבט אין צווייטען אינטערנאַציאָנאַל נעהט די פּאַרטיי נישט אריין אין וועלט־פאַרבאַנד״. דערמיט אַליין האָט די גרופּע דעמאָנסטרירט, אַז זי אַנערקענט נישט די אַלטע אָרגאַניזאַטאָרישע באַציהונגען צווישען דעם וועלט־פאַרבאַנד און דער אַמאָליגער פועלי־ציון פּאַרטיי.

אָבער נישט דער דאָזיגער פאָרמעלער מאָמענט האָט בעיקר באַשטימט אונזער שטעלונג צו דער נייער גרופּע, נאָר דער פאַקט, אַז זי האָט געהאַלטען פאַר נויטיג אַריינצוטראָגען אַ שפּאַלטונג אין דער א״י־פּאַרטיי, נישט אָבוואַרטענדיג אַפילו די וועלט־קאָנפערענץ און איהרע החלטות בנוגע אַלע די שטרייט־פראַגען אין וועלכע זי איז מחולק מיט׳ן רוב הברים אין א״י.

מיר האָבען דעריבער געשריבען די חברים, אַז דער וועלט־פאַרבאַנד קען זיי נישט באַטראַכטען פאַר דער באַנייטער פועלי־ציון־פּאַרטיי, אָנגוויזענדיג אויף דער סטאָקהאָלמער ההלטה. „לויט אונזער מיינונג — הייסט עס אינ׳ם בריף — ליגט דער חוב אויף אַלע חברים, וואָס קעמפען באמת און מיט׳ן גאַנצען הארצען אין די שורות פונ׳ם וועלט־פאַרבאַנד פאַר אונזערע אידעאַלען, זיך אונטערצוואַרפען די דאָזיגע החלטות און אַריינצוגעהן אין דער אָרגאַניזאַציע אחדות העבודה. אפילו איהר זיינט נישט מסכים אין אַ סך פּרטים מיט׳ן רוב פון אונזערע הברים אין ארץ ישראל אָדער אינ׳ם וועלט־פאַרבאַנד, איז גיטאַ קיין שום יסוד זיך אָבצושפּאַלטען צו אַ סעקטע. אין דער פּאַרטיי אחדות העבודה איז געגעבען די מעגליכקייט אַלע חברים צו קעמפען פאַר זייערע מיינונגען, צו פּראָפּאַגירען זיי און משפיע צו זיין אין זייער גייסט אויף דער אחדות העבודה און דורך איהר אויך איף׳ן וועלט־פאַרבאַנד. דער רוב פון די פראַגען, וואָס איהר האָט אָנגעריהרט אין אייערע החלטות, שטעהען אויפ׳ן סדר־היום ביי אַלע אונזערע פּאַרטייען און אויך ביי אינז, און איהר באַגעהט אַ גרויסען חטא נעגען דעם סאָציאַליסטישען געדאַנק אין א״י, וואָס האָה גענוג שונאים, אויב אנשטאָט צו קעמפען פאַר אייערע מיינונגען אין די שורות פון אונזער באַוועגונג, שוואַכט איהר אָב אונזערע כחות און ברענגט צו אַ ברידער־קאַמף״.

אין דעם זין האָבען מיר אויך פאַרלאַנגט פון די לאַנד־פּאַרטייען, נישט צו קומען אין קיין פאַרבינדונג מיט דער נייער גרופּע.

די פאָדערונג פון פאַרשידענע לאַנד־פּאַרטייען, צו רופן צו דער וועלט־קאָנפערענץ אויך די פועלי־ציון־פּאַרטיי אין א״י, האָבן מיר צוליב די דערמאָנטע טעמים ניט געקענט דערפילן. ביז אַנ׳אַנדערען באַשלוס, איז פאַר אונז בינדענד די סטאָקהאָלמער החלטה. דאָך האָבן מיר אַלע פּאַרטייען דערקלערט, אַז די וועלט־קאָנפערענץ וועט זיכער אויסהערען יעדע גרופע, וואס האָט דאס באַדערפעניש, אויפצוקלערען איהר שטעלונג צו וועלכער עס איז לאַנד־פּאַרטיי פונ׳ם וועלט־פאַרבאַנד.

## פינאַנציעלע הילף פאַר די לאַנד־פּאַרטייען.

פאַרשידענע לאַנד־פּאַרטייען אין די מלחמה־לענדער האָבן זיך געווענדט צו אונז מיט׳ן פאַרלאַנג, צו שאַפן פאַר זיי פינאַנציעלע מיטלען, כדי זיי מעגליך צו מאַכען א ברייטערע פּאָליטישע און אָרגאַניזאַטאָרישע אַרבייט. צום באַדויערען איז אונז נאָר אין ווייניג פאַלען מעגליך געווען צו דערפילען כאָטש אין א געוויסען מאָס די דאָזיגע פאָדערונגען. אונזערע פּאַרטייען אין די פינאַנציעל שטאַרקע לענדער מוזען נאָך גובר זיין די גרעסטע שוועריגקייטען, כדי צו דעקען זייערע אייגענע געוואַלטיג אויסגעוואַקסענע בודזשעטען, שאַפן מיטלען פאַר׳ן פ. א. פ. און נאָכקומען כאָטש אין א געוויסען מאָס זייערע פינאַנציעלע התחייבות׳ן כלפּי דעם פ. ב. דאָס איז טנע קודם כל די פּאַרטיי אין אַמעריקע, וואָס אויף איהר איז פאַקטיש געלעגען דער גרעסטער טייל פון דער פינאַנציעלער משא פון דער גאַנצער באַוועגונג.

תיכף נאָך דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע האָבן מיר אויפגעפאָדערט אַלע לאַנד־פּאַרטייען, צו שאַפן א פאָנד פאַר דער רוסלענדישער פּאַרטיי. אַמעריקע האָט געשאַפן בערך 1500 דאָלאַר. פון אַנדערע לענדער זענען געקומען קלענערע סכומים.

אין אָקטאָבער 1918 האָבן מיר ארויסגענעבען די לאָזונג, צו שאַפען ביים פ. ב. א פּאָליטישען הילפס־פאָנד פאַר די פּאַרטייען, וועלכע ס׳קומט אויס צו ארבייטען אונטער באַזונדערס שווערע פּאָליטישע באַדינגונגען. אויך דער דאָזיגער פאָנד האָט צום באַדויערן קיין גרעסערע סכומים ניט אריינגעבראַכט.

פון א סיסטעמאַטישער טעטיגקייט אויף דעם דאָזיגען געביט האָט בכן ניט געקענט זיין קיין רייד. נאָר פון פאַל צו פאַל האָט זיך אונז אַמאָל איינגעגעבען עפּעס צו טון. 1917 האָבן מיר געשיקט פון סטאָקהאָלם דעם „אידישען אַרבייטער״ אין ווין איבער 1000 קרוינען (זאַמלונג חבר זרבבל); 1918 — 1000 קר. פאַר פּאָליטישער הילף. דער אָרגאַניזאַציע אין דייטשלאַנד האָבן מיר אין לעצטען יאָהר אויס מיטלען פונ׳ם פ. ב. געגעבען 2.750 מאַרק. 5.000 ליי האָבן מיר לעצטענס געשיקט דער יונגער אָרגאַניזאַציע אין רומעניען. אויף אונזערע באַזונדערע ווענדונגען צו דער פּאַרטיי אין אַמעריקע לטובת די פּאַרטייען אין פוילען, מזרח־גאַליציען און רומעניען האָבן זיך די חברים אין א געוויסען מאָס אָבגערופען, געוויסע סכומים זענען געשיקט געוואָרען פאַר׳ן „איד. אַרבייטער״, פאַר דער „אַרבייטער־צייטונג״ איז געעפענט א באַזונדערע זאַמלונג.

אָבער דאָס איז ווי א טראָפען אויף א הייסען שטיין. די וועלט־קאָנפערענץ מוז געפונען א וועג, ווי אַזוי צו קומען צו הילף אויף א ברייטען סיסטעמאַטישען

אופן אַלע אונזערע פּאַרטייען אין די לענדער פון מזרח־ און צענטראַל־אייראָפּע, ס'מוז געשאַפען ווערען אַ גרויסער הילפס־פאָנד מיט שטענדיגע הכנסות, וואָס פון זיינע מיטלען זאָלען די פינאַנציעל שוואַכע פּאַרטייען קענען באַקומען אַ געהעריגע פינאַנציעלע שטיצע.

## באָראָכאָוו־פאָנד.

דער יונגער טויט פון אונזער אַלעמענס געליבטען חבר און פיהרער בער באָראָכאָוו האָט אַרויסגערופען אַ גרויסע טרויער ביי אונזערע חברים אין אַלע לענדער. זיי האָבען ריכטיג אָבגעשאַצט די גרויס פון דער אבדה, וואס די באַוועגונג האָט געליטען, און כמעט אין אַלע לענדער איז גלייכצייטיג געקומען די חברים צום באַ־וואוסטזיין, אַז אַ הויך דעם ווייטערען קאַמף פאַר זיינע אידעען האָבען מיר כלפי דעם אוועקגעגאַנגענעם חבר אַ גרויסען עהרען־חוב: צו זאָרגען פאַר זיינע נאָהנטסטע, די לאָזונג פון'ם פ. ב. צו שאַפען אַ באַזונדערען פאָנד פאַר דער משפחה פון חבר באָראָכאָוו איז אומעדום אויפגענומען געוואָרען מיט דער גרעסטער וואַרעמקייט. כמעט אַלע פּאַרטייען האָבען זיך באַטייליגט אין דער אַרבייט פאַר דעם פאָנד. דער וועלט־קאָנפערענץ וועט פאָרגעלעגט ווערען אַ גענויער דין וחשבון פון די הוצאות און הכנסות, אין דעם באַריכט געהען אָבער ניט אַריין די סכומים וואס די פּאַרטיי אין אַמעריקע האָט אויפגעבראַכט אין משך פון די קנאַפּע צוויי יאָהר, זייט ח. באָראָכאָווס פרוי און קינדער געפינען זיך אין ניו־יאָרק. גראַד אַזוי פעהלען אין'ם באַלאַנס צום גרעסטען טייל די הכנסות אין רוסלאַנד. אויך דעם באָראָכאָוו־פאָנד, וועמעס מיטלען זענען אַזוי ווי אויסגעשעפּט, וועט די וו. ק. מוזען שענקען איהר־באַזונדערע אויפמערקזאַמקייט.

## די אַנטוויקלונג פון אונזער באַוועגונג.

ס'איז צום באַדויערן נישט מעגליך, צו געבען דאָ אַ גענוי בילד איבער דעם וואוקס און דער פאַרשפּרייטונג פון אונזער באַוועגונג אין די פאַרשידענע לענדער. מיר זענען פון אַ באַוועגונג פון עטליכע טויזענד חברים פאַר דער מלחמה אויסגע־וואַקסען צו אַ מחנה פון צענדלינגער טויזענדער מיט אַ פּאָליטישער און געזעלשאַפט־ליכער השפּעה אויף הונדערט־טויזענדער אידישע פּראָלעטאַריער אין אַלע לענדער. עטליכע קיילעכדיגע ציפערן בלויז זאָלען דאָס אילוסטרירען.

פאַר דער מלחמה בערך:

| | |
|---|---|
| רוסלאַנד: | 600 |
| עסטרייך: | 1000 |
| אַמעריקע (1911): | 1200 |
| ענגלאַנד: | 100 |
| ארץ ישראל (פועלי־ציון): | 200 |

איצט בערך:

| | |
|---|---|
| סאָוויעט־רוסלאַנד: | ? |
| אוקראינע: | ? |
| פוילען: | 15000 |
| ליטא: | 1000 |
| דייטש־עסטרייך: | 800 |
| טשעכאָ־סלאָוואַקיי: | 2000 |
| מזרח־גאַליציען: | 4000 |
| בוקאווינא: | ? |
| אַמעריקע: | 4500 |
| ארגענטינע: | 1200 |
| ענגלאַנד: | 1000 |
| ארץ ישראל (אחדות העבודה): | 2200 |
| דייטשלאַנד: | 500 |

דערצו קומען נאָך צו קלענערע אָרגאַניזאַציעס ווי עסטלאַנד, שווייץ, בעלגיע, דרום־אפריקע, מצרים, סיביר, בסך הכל האָבען מיר אחוץ רוסלאַנד און אוקראינע מעחר ווי 30.000 חברים. ווי גרויס די פאַרטייען אין רוסלאַנד און אוקראינע זענען, לאָזט זיך נישט זאָגען; אויפ'ן פאַרטיי־טאָג אין קיעוו (1917) האָט די פאַרטיי געצעהלט קרוב צו 20,000 מיטגלידער. איצט איז די צאָהל פון אונזערע חברים מהמת דעם מצב אין לאַנד און דער שפּאַלטונג אין די אייגענע שורות אודאי קלענער, אָבער בלי ספק זענען עס נאָך איצט עטליכע טויזענד. דער סך הכל פון 40.000 וועט אודאי נישט זיין איבערגעטריבען.

אַ גרויסע אנטוויקלונג האט אויפצווייזען אונזער פרעסע. פאַר דער מלחמה האָבען מיר געהאַט אין עסטרייך דעם „אידישען אַרבייטער", אין אמעריקע צייטענווייז דעם „קעמפּפער", אין רוסלאַנד צולעצט „דאָס וואָרט" און אין ארץ ישראל די „האחדות" איצט ערשיינען אויפ'ן שטח פונ'ם אלטען עסטרייך אליין „דער אידישער אַרבייטער" אין לעמבערג (אין אנ'אייגענע' דרוקעריי), די „פרייע טריבונע" אין ווין (דייטש), דער „אידישער סאָציאַליסט" אין פראַג (דייטש) און די „פרייהייט" אין טשערנאָוויץ. פון רוסלאַנד האָבען מיר לעצטענס געקריגען די ארגאנען פון דער י. ס. ד. פ. (פועלי־ציון), „בארבא" (קאַמף, רוסיש), אַ חודש־זשורנאַל, אַ צוויי־וואָכענבלאַט „דאָס נייע וואָרט" און אַ וואָכענצייטונג „דער אידישער אַרבייטער", ווייטער אַ ניט פעריאָדע אויסגאַבע „די רויטע אַרמעע". די טעגליכע צייטונג אין אדעס „דאָס נייע לעבען" ערשיינט הפנים איצט נישט. די פאַרטיי האָט אין אדעס אנ'אייגענע דרוקעריי. די פרעסע פון די קאָמוניסטישע פועלי־ציון האָבען מיר נישט באַקומען. אין פוילען ערשיינט די „אַרבייטער־צייטונג" צוויי מאָל אַ וואָך (אייגענע זעצעריי). די חברים גרייטען זיך, זי אַרויסצוגעבען טעגליך. אין ענגלאַנד האָט זיך דער צוויי־וועכענטליכער זשורנאַל „אונזער וועג" צייטווייליג אבגעשטעלט, הויפּטזעכליך

מחמת מאנגעל אין רעדאַקציאָנעלע כחות. אבער דער דאָזיגער מצב וועט מסתם באַלד אויפהערען. די אמעריקאַנער חברים הויבען אָן אין אויגוסט אַרויסצוגעבען אַ טעגליכע צייטונג „די צייט": איצט ערשיינט דאָס וואָכענבלאַט דער „אידישער קעמפּפער". אין ארגענטינע ערשיינט אַ גרויס צווייוואָכענבלאַט „די נייע צייט", אין יאהאניסבורג אַ חודש־בלאַט „אונזער וועג". די חברים אין א"י געבען אַרויס אַ וואָכענבלאַט „קונטרס" און אַ חודש־זשורנאַל „האדמה". דאָס פּ. ב. ניט אַרויס אַנ'אוּמפּעריאָדיש אינפאַרמאציע־בלאַט, (די אידישע אַרבייטער־קאָרעספּאָנדענץ) אין דייטש, פראַנצויזיש, ענגליש. רעכענט מען נאָך צו די פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַנען, „געחערקשאַפּט" לעמבערג און „האנדעלס־אנגעשטעלטער", „פּראָפעסיאָנעלע וועלט" וואַרשאַ, די יוגענד־אָרגאַנען, „פרייע יוגענד" ווארשא, „יונגער אידישער קעמפּפער" ניו־יאָרק, די אויסגאַבען פון אפּאזיציאָנעלע גרופּען און אידעאיש נאָהנטע אָרגאַניזאציעס, אַזוי קענען מיר זאָגען, אַז דער וואוקס פון דער פּרעסע איז אַ לעבעדיגער עדות פאַר דער אַנטוויקלונג פון אונזער באַוועגונג אין אַלע לענדער.

צום סוף ווילען מיר נאָך דערמאַנען די שטאַרקע פּאזיציע פון אונזערע חברים אין עטליכע לענדער (פּוילען, גאַליציען, א"י) אין דער פּראָפעסיאָנעלער און קאאפּעראַטיווער באַוועגונג, די אַרבייט אויפ'ן געביט פון ערציהונג און די וואהלערפאָלגען, פון אונזערע פּאַרטייען (שטאָדטראַטען און פּאַרלאַמענט אין פּוילען אספּת הנבחרים אין א"י, אידישער קאָנגרעס אין אַמעריקע).

---

חברים, מיר זענען ביים סוף פון אונזער דין וחשבון. מיר האָפען, אַז אין אייער קריטיק פון דער טעטיגקייט פונ'ם פּ. ב. וועט איהר זיך רעכענען מיט די באַזונדערע באַדינגונגען, אונטער וועלכע איהם איז אויסגעקומען צו אַרבייטען און לויט דעם אַרויסזאָגען אייער משפּט.

חברים! די איצטיגע וועלט־קאָנפערענץ שליסט אָב דעם ביז איצט וויכטיגסטען פּעריאָד אין דער געשיכטע פון אונזער וועלט־באַוועגונג. באַטראַכטענדיג דעם דאָזיגען זיבעניעהריגען פּעריאָד קענען מיר בלי ספק זאָגען, אַז אונזער פאַרבאַנד האָט דערפילט די היסטאָרישע שליחות, וואָס ער האָט אויף זיך גענומען. אויס אַ קליין הייפעל זענען מיר אויסגעוואַקסען צו אַ שטאַרקער באַוועגונג אינ'ם אידישען וועלט־פּראָלעטאַריאַט. אַרום אונזערע לאָזונגען זאַמלען זיך די בעסטע כחות פון דער אידישער אַרבייטערשאַפט און פון דער אידישער סאָציאַליסטישער אינטעליגענץ. אָבער אונזער באַוועגונג האָט זיך אין משך פון דער צייט אויך דיפערענצירט. הגם אונזערע פּאַרטייען אין אַלע לענדער האָבען פון דער ערשטער מינוט אָן זיך געהאַלטען פריי פון מלחמה־התלהבות און פּאַטריאָטישער שכרות און האָבען לויט זייערע כחות געפיהרט דעם קאַמף געגען דער מלחמה, האָט דער קריזיס, אין וועלכען דער אינטערנאַציאָנאַל איז אריינגעפאַלען, נישט אויסגעמיידט אויך אונזער באַוועגונג. בפרט די פּראָבלעמען, וואָס זענען אויסגעוואַקסען אויס דער רוסישער און צענטראַל־אייראָפּעאישער רעוואָלוציע אין דעם פּעריאָד פונ'ם קאַמף פאַר די לעצטע צילען פונ'ם סאָציאַליזם, אין וועלכען ס'זענען אריינגעטרעטען אַלע ציוויליזירטע לענדער, באַהערשען אויך די הערצער און מוחות פון אונזערע חברים און טרייסלען אונטער

די יסודות פֿון אונזער וועלט־אָרגאַניזאַציע, אין רוסלאַנד, וואו די פּראָבלעמען פֿון דער פּראָלעטאַרישער טאַקטיק אין דער איצטיגער תקופה שטעהען אם שאַרפֿסטען מחמת דעם איבערנעמען די מאַכט דורכ'ן אַרבייטער־קלאַס און דעם העלדישען קאַמף נעגען דעם וועלט־אימפּעריאַליזם, האָט דער קריזיס נעפֿיהרט צו אַ — לאמיר האָפֿען — צייטווייליגער שפּאַלטונג פֿון אונזער לאַנד־פּאַרטיי. אָבער אויך אין די אַנדערע פּאַרטייען פֿיהרען צווישען זיך די ריכטונגען אַ אָפּטמאָל פֿאַרביטערטען קאַמף און פֿאַר אונזער איצטיגער וועלט־קאָנפֿערענץ שטעהט צום ערשטען מאָל דאָס פּראָבלעם פֿון דערהאַלטען די איינהייט פֿון אונזער באַוועגונג.

מיר זענען איבערציינט, אַז דוקא איצט, ווען מיר שטעהען פֿאַר די גרעסטע אחריות־פֿולסטע אויפֿגאַבען פֿון קאַמף און אויפֿבוי אין די גלות־לענדער און אין ארץ ישראל, איז די דערהאַלטונג פֿון דער איינהייט און קאַמף־פֿעהינקייט פֿונ'ם וועלט־פֿאַרבאַנד נויטיגער ווי ווען ס'איז. ביי אַ נעהעריגען גוטען ווילען און געגענזייטיגען פֿאַרשטענדניש וועט, נישט קוקענדיג אויף אַלע חילוקי דעות, נעפֿונען ווערען די שותפות'דיגע פּלאַטפֿאָרם פֿון אידעען און מעשים, אויף וועלכער ס'זאָל אויפֿגעבויט און פֿאַרפֿעסטיגט ווערען די רעוואָלוציאָנערע איינהייט פֿון די פּועלי־ציוניסטישע שורות.

מיר באַגריסען אייך אַלע, חברים און חבר'טעס אַלס די שליחים פֿונ'ם קעמפֿענדיגען און ליידענדיגען אידישען ארבייטער־קלאַס, ברידערליך און האַרציג. זאָלען אונזערע וכוחים זיין געטראָגען פֿונ'ם באַוואוסטזיין פֿון דעם גרויסע אחריות, וואָס ליגט אויף אונז אלע. אין אייער האַנד, חברים, ליגט דער גורל פֿון אונזער וועלט־באַוועגונג.

# דרוק־פֿעהלער.

צום באַדויערן האָבען זיך אריינגעכאַפּט אין דער בראָשור א גרויסע צאָהל דרוק־טעותים, פֿון וועלכע מיר פֿאַרצייכענען דאָ נאָר די וויכטיגסטע.

| זייט | שורה | אַנשטאָט | צו לייענען |
|---|---|---|---|
| 6 | 9 פֿון אויבען | פּאַרטיי־ביוראָ | פֿאַרבאַנד־ביוראָ |
| „ | 17 „ „ | פּאָליטישען | פּאַקטישען |
| „ | 12 „ אונטען | בהק־עדין | בהע־עדין |
| 7 | 5 „ אויבען | גלות־לענדער | גלות־לענדער און ארץ ישראל |
| 11 | 4 „ „ | דער שול | שוץ |
| „ | 13 „ „ | גלות | גלות און ארץ ישראל |
| 12 | 5 „ אונטען | אונז | ארץ ישראל |
| 15 | 18 „ „ | רעזאָלוציע | רעזאָלוציע רענאָדעל |
| „ | 14 „ „ | איהם | איהר |
| 16 | 3 „ אויבען | באַראַטונג | פֿאַרטרעטונג |
| 18 | 14 „ אונטען | 1917 | 1914 |
| „ | 11 „ „ | בוי־קלעצער | בוי־פלעצער |
| 21 | 16 „ „ | האַלטען | האַנדלען |
| 22 | 17 „ „ | טויך | טונק |
| 24 | 12 פֿון אויבען | פּאָרם־קאָאָפּעראַציע | פּאַכט־קאָאָפּעראַציעס |
| 27 | 9 „ „ | 300.000 | 300.000 אַרבייטער |
| 29 | 9 „ אונטען | וועגער | ער |
| 34 | 11 „ אויבען | דערביי | דעריבער |
| 42 | 13 „ „ | קליינע | גלייכע |